## Gerechtigkeit (Vol. 21, Iss. 7)

### Keywords
International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments
*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

# אפיציעלע ערעפענונג פון ,יוניטי הויז' וועט פארקומען דעם ערשטען וויק־ענד אין יוני

## אונאפיציעל איז יוניטי הויז שוין אפען זינט 23טען מאי. — באזונדערס גרויסע פארברייטונגען פאר דעקאריישאן־דעי. — אויסערגעווינליך רייכע קאנצערטען און אונטערהאלטונגען ווערען צוגעגרייט פאר דעם סעזאן

די „יוניטי הויז", אונזער פראכטפולע היים אין די בלויע בערג פון פענסילווייניא, ווערט אפיציעל ערעפענט פארן סעזאן די ערשטע וויק־ענד אין יוני. די אפיציעלע ערעפענונג, פארשפרעכט מענעדזשער אייבראהאם עלנער, גועט דאס יאר זיין איינע פון די אימפאזאנטסטע פייערונגען וואס די יוניטי הויז האט געהאט. וואס דאס מיינט דארף מען אונזערע מעמבערס ניט דערציילען. זיי עגדענקען געוויס וואס עס הייסט א יוניטי הויז ערעפענונג פון די פריערדיגע יארען, און היי יאר וועט עס נאך איבערשטייגען.

איזידאר נאגלער, טשערמאן פון דער יוניטי הויז קאמיטע פון דער אינטערנעשאנעל, מעלדעט, אז די אפיציעלע ערעפענונג וועט זיך אנהויבען פרייטאג אווענט דעם צווייטען יוני און וועט אנהאלטען שבת און זונטאג. פארטרעטער פון אלע לאקאלס אין ניו יארק און ארומיגע שטעט וועלען קומען צו דער ערעפענונג. אויסער די זעלטען גוטע שפייז, באקוועמע צימערען און די אלגעמיינע רייכקייט פון וואלד, טייך און לאנקע וואס די יוניטי הויז איז שוין דערמיט בארימט, ווערט צוגעגרייט אויסערגעווינליכע פארווייל ונגען און אונטערהאלטונגען פאר די טעג.

### יוניטי הויז שוין אפען

אומאפיציעל, האט זיך יוניטי הויז געעפענט מיט אנדערטהאלבען וואכען פריער, דינסטאג דעם דריי און צוואנציגסטען מאי. די מענעדזשמענט האט עס געטאן אום צו געבען א געלעגענהייט אונזערע מיטגלידער וועלכע ווילען האבען א וואך וואקיישאן און אריינגעמען די דעקארייישאן דעי וויק־ענד זאלען האבען א מעגליכקייט צו טאן עס. פאר דער וואך איז געגעבען געווארען די געסט ספעציעל ביליגע פרייזען. ווען די שורות ווערען געשריבען איז שוין די רעזערוואציעס פאר דעם דעקארעישאן וויק־ענד פארפולט. און עס איז זיכער אז די וואס האבען זיך ניט צוגעאיילט רעדזשיסטרירען וועלען שוין קיין פלאץ ניט געפינען און וועלען מוזען אפלייגען זייער באזוך היינטיגס יאר ביז נאך דער אפיציעלער ערעפענונג.

מיטגלידער וועלכע ווילען האבען אן אמת פארגעניגענדען וואקעישאן דורך דעם מאנאט יוני, דארפען זיך צואיילען און זיך רעדזשיסטרירען באצייטענס. ניטא קיין שענערער און באקוועמערער פלאץ פאר אפרוען זיך קערפערליך און גייסטיג ווי אין דער פראכטפולער יוניטי הויז פון אונזער אינטערנעשאנעל. חוץ דעם זיינען די פרייזען פיל מעסיגער ווי אין וועלכען עס איז אנדער זומער־פלאץ מיט אזוינע באקוועמליכקייטען.

ברודער נאגלער, דער טשערמאן פון דער פארוואלטונגס קאמיטע, לאזט אויך וויסען אז דאס יאר איז אויך אנגענומען געווארען די זעלביגע פאליסי וואס לעצטעס יאר, פארבאטענדיג טיפס אין אלע אפטיילונגען.

### ארטיסטען און אונטערהאלטער

די קאמיטע צו אראנזשירען אונטערהאלטונגען אין דער יוניטי הויז היינטיגס יאר באשטייט פון הערמאן ליעבמאן און יונה פינקעלשטיין. דאס אליין, גלויבען מיר, זאגט שוין פיל וועגען די סארט אונטערהאלטונגען וואס די געסט אין יוניטי וועלען דאס יאר האבען. ווי די קאמיטע פארזיכערט, וועלען דאס יאר, אויסער די באשטענדיגע ארטיסטען און זינגער וואס די יוניטי הויז שטעלט אן פארן סעזאן און וועלכע וועלען שטעלען טעאטער שפילען, אפערעטעס, ריוויוס און קאנצערטען, וועלען אויך אויפטרעטען א גאנצע רייע פון בארימטע קינסטלער פון דער אפערא און בינע און ראדיא סטארס.

צווישען די וואס די קאמיטע דערמאנט זיינען: זשאן פיערס, ראבערט ווידע און איזא קרעמער, זינגער; דער בארימטער וויאלינסט רודיערא דיטי, יאיטשי הירא קא דער יאפאנעזישער קסיילאפאניסט; דער זעלטענער גיטאר שפילער ווינסענטע גאמעץ; די וויאליניסטען מישא וויאלין און ארנאלד עידוס און א צאל בארימטע ארטיסטען פון דער קאנצערט און אפערא בינע.

א האלבער טוצען בארימטע טענצער וועלען אויפטרעטען אין טאנץ רעסייטעלס זיך בייטענדיג אלע צוויי וואכען. זיי וועלען אויך געבען אונטערריכט אין אלערליי מאדערנע טענץ. צווישען זיי זיינען אננא סאקאלאוו, לילי מעלמאן, פאולין קאנער, סאפיע מאסלאוו, מרים בלעקער, צמח און אנדערע.

עס איז נויטיג צו רעזשיסטרירען זיך און מאכען רעזערוואציעס באצייטענס. דאס קענט איר טאן דורך שרייבען אין יוניטי הויז, פארעסט פארק פענסילווייניא, אדער קומען אין ניו יארקער אפיס פון דער יוניטי הויז, אין 4 וועסט 16טע סטריט. טעלעפאן וואטקינס 9—6868.

## א טרייסט ווארט די חברים נ. מ. מינקאף.

ניטא קיין ווערטער אין קיין שום שפראך, דורך וועלכע מ'זאל קענען פארהיילען די טיפע וואונד אין אייערע הערצער דורכ'ן טויט פון אייער יונגען קינד.

ליידער איז ניטא .ביי וועמען צו פרעגען פאר וואס דער בייזער גזר איז אויסגעפאלען אויף אייך. זיינט איר דאך קאס הארץ פון דער אידישער מיטגלידערשאפט אין אונזער דרעסמאכער יוניאן. שטעלט איר דאך מיט זיך פאר יעדען חודש מיט אייער „אויפ'ן דרעסמאכער פראנט" אין אונזער ארגאן „די גערעכטיגקייט" דאס ספעציפישע ארבייטער לעבען, און ס'פארלירט זיך פאר קיין פאל ניט פון אייער פען די אידישע פאלקסטימלאכקייט. רעדט דאך דורך אייך די אידישע צונג אין א אידישער ארבייטער־צייטונג צו אונז, אידישע ארבייטער, נאך וועלכען מיר בענקען אזוי פון חודש צו חודש. פאר וואס קומט אייך דער ווייטאג און די פיין?

ניטא ביי וועמען צו פרעגען. ניט איר אליין, חבר און חברה מינקאף, זיינט געטראפען. מיר אלע, אידישע ארבייטער, טיילען אייער צער.

הערשל, פיגע קליינפעלד.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 6. June, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 28, 1919.

# זומער טעטיגקייטען פון אונזער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט

פון פאניא מ. קאהען

### מיר האבען ניט פארגעסען

א גרופע יונגע ארבייטער, מיטגלידער פון זעכצען לאקאל יוניאנס אין ניו יארק און ארומיגע שטעט, וועלכע האבען מיט זיך רעפרעזענטירט א קווער־שניט פון אונזער מיטגלידערשאפט, האבען שבת דעם זעקסטען מאי באזוכט דעם ברודער קבר פון די טרייענגעל קרבנות אויף עווערגרין סעמעטערי.

דער איינדרוקספולער מאנומענט וואס דערהויבט זיך איבער דעם געמיינשאפטליכען קבר פון אונזערע מארטירער, האט געמאכט אן אומפארגעסליכען איינדרוק אויף די יונגע מיטגלידער אונזערע. מיט געבויגענע קעפ זיינען זיי געשטאנען ווען עס איז אוועקגעלייגט געווארען א קראנץ בלומען ביים מאנומענט מיט דעם אויפשריפט: „פאר די קרבנות פון טרייענגעל פייער, אומגעקומען מארטש דעם 25טען 1911; דער אינטערנעשאנעל סטודענטען פארבאנד פארגעסט ניט אונזערע קרבנות און מארטירער". דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט האט גענומען מואווי בילדער פון דער סצענע און דאס וועט איינגעשלאסען ווערען אין דעם בילד וואס ווערט איצט צוגעגרייט אונטערן טיטעל „דער אינטערנעשאנעל סטודענטען פארבאנד אין אקציע".

### טעאטער פארטיס פאר „פינס און נידעלס"

מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל האבען איצט א געלעגענהייט צו זען „פינס און נידעלס" מיט די נייע סקעטשעס וואס זיינען צוגעגעבען געווארען דאס יאר, אויף רעדוצירטע פרייזען, דורך אנשליסען זיך אן די טעאטער פארטיס וואס די סטודענט פעלאושיפ. אראנזשירט. פאר אינפארמאציע און טיקעטס שטעלט זיך אין פארבינדונג מיט דעם עדיוקיישאנעל דעפארטמענט אין אינטערנעשאנעל אפיס.

### שפאצירען און אויספלוגען

אן ארויספאר ווערט אראנזשירט פון דעם סטודענטען פארבאנד צוזאמען מיטן עדיוקיישאנעל דעפארטמענט פאר זונטאג דעם פערטען יוני האלב נאך צען אין דער פרי נאך האליס, לאנג איילאנד. מיר פארזיכערען אייך אז איר וועט זיך דארט גוט אמוזירען. מואווי בילדער וועלען דארט גענומען ווערען פאר דעם סטודענטען בילד וואס מיר האבען פריער דערמאנט.

צו קומען צום פלאץ, נעמט די אכטע עוועניו סאבוועי אדער די „בי עם טי", די טרעין וואס גייט נאך דזשעמעיקא און סטאפט אויף סוטפהין בולווארד. נעמט דארט דעם באס צו ספרינגפילד בולווארד. דער פירער פון דעם שפאציר וועט אייך דארט באגעגענען האלב נאך צען.

פאר איינצעלהייטען פרעגט אן אין עדיוקיישאנעל דעפארטמענט, 3 וועסט 16טע סטריט.

### איסט מאנהעטען סענטער נאך אפען

אויפן פארלאנג פון גרופען מיטגלידער האבען מיר באשלאסען צו האלטען אפען און אנהאלטען די טעטיגקייטען פון אונזער איסט מאנהעטען סאשעל־עדיוקיישאנעל סענטער.

דער פלאץ איז די דזשוליא ריטשמאן היי־סקול, 68טע סטריט און צווייטע עוועניו, יעדען דאנערשטאג פון א פערטעל צו 6 פארנאכט ביז 10 אין אווענט. ערפארענע לערער גיבען אונטעררוכט אין טאנצען, בעסקעט באל, קאלעסטעניקס און שווימען. דיסקוסיעס ווערן געפירט איבער טאג־נייעס. איינטריט פאר מיטגלידער פון אינטערנעשאנעל איז פריי. לאזט וויסען וועגען דעם אייערע פריינד און חברים.

## טרויער רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון בעקער און שעכטער, 1875 בראדוויי, דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער אויפ'ן פריצייטיגען טויט פון סאול מינקאף, איינציגער זון פון אונזער אלעמענס באליבטען עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון אונזער יוניאן, נעטעניעל מינקאף.

שווער צו געפינען ווערטער פון טרייסט אויפ'ן שרעקליכען פארלוסט פון ברודער מינקאף און זיין פרוי.

זאל דער טיפער מיטגעפיל פון דער ברייטער מיטגלידערשאפט פון אונזער יוניאן זיין פאר זיי א טרייסט אין זייערע שווערע טעג פון טיפען טרויער.

פ. קראטין, שאפ טשערמאן; ס. לערנער; ל. שניצער, שאפ קאמיטע; ה. הימער.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXI. No. 7 | Jersey City, N. J., July, 1939 | Price 10 Cents

## נאך די וואלען אין לאקאל 117.

לאקאל 117 האט דורך די וואהלען, וואס זיינען אפגעהאלטען געווארען דאנערשטאג, דעם 17טען יוני, באקומען א נייע אדמיניסטראציע. עס איז געווען א שטורעמדיגער וואהל־קאמף און די אפאזיציע צו דער פריהערדיגער אדמיניסטראציע האט געזיגט מיט א גאנץ באדייטענדער מאיאריטעט. זי האט ערוועהלט אירע קאנדידאטען פאר מענעדזשער און טשערמאן פון לאקאל; זי האט ערוועהלט צוויי־דריטעל פון אירע קאנדידאטען אין דער עקזעקוטיווע און האט ערוועהלט 14 פון די 24 ביזנעס־אגענטען, וואס דער לאקאל באשעפטיגט.

נאר ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער וואהלקאמף איז געווען א שטורעמדיגער, באזונדערס די לעצטע טעג, זיינען דאך די וואהלען דורכגעפירט געווארען אויף דעם בעסטען, שענסטען און ערליכסטען אופן. דאס גיבען צו ביידע צדדים, סיי די זיגער, סיי די באזיגטע. און ביידע צדדים גיבען אויך צו, אז דאס איז געווען א דאנק פרעזידענט דובינסקי'ס באמיהונגען און דעם אינטערעס, וואס ער האט גענומען, אז די וואהלען זאלען דורכגעפירט ווערען אין דער בעסטער ארדנונג. עס זיינען געווען אמת'ע דעמאקראטישע און ערליכע וואהלען — דאס איז די איינשטימיגע מיינונג פון אלע מיטגלידער פון לאקאל 117, וואס האבען אנטייל גענומען אין די וואהלען. און עס האבען דאס מאל אנטייל גענומען א גאנץ גרויסע צאל. עס איז דאכט זיך דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע פון די קלאוק אפערייטארס יוניאן, אז אזא גרויסע צאל מיטגלידער זאלען אנטייל נעמען אין די וואהלען.

די אונגעוויינליך גרויסע באטייליגונג אין די וואהלען דערציילט אהן ווערטער ווי שטארק די מיטגלידער פון לאקאל 117 זיינען געווען פאראינטערעסירט אין דעם לעצטען וואהל־קאמף.

מיר ווילען דא ניט פראבירען זיך פונאנדערקלייבען וואס עס איז געווען די וויכטיגסטע אישו אין דעם וואהל־קאמף, וואס האט אמשטארקסטען פאראינטערעסירט די קלאוק אפערייטארס. מיר נעמען גיכער אן, אז ניט ביי אלע מיטגלידער פון דער אפאזיציע, וואס האבען זיך באטייליגט אין דער אפשטימונג, איז געווען איין און די זעלביגע אישו, וואס האט זיי געבראכט צו שטימען געגען דער פריהערדיגער אדמיניסטראציע. איין זאך איז אבער קלאר און זיכער, אז די גרויסע מאיאריטעט פון די, וואס זיינען געקומען שטימען, האבען געוואלט מאכען אן ענדערונג אין דער פירונג פון דער יוניאן און אוועקשטעלען נייע מענשען ביים רודער, וואס זאלען די ענדערונג דורכפירען. און דער עיקר פון אלע ענדערונגען אין דער יוניאן וואס אלע ארבייטער ווילען, איז, אז עס זאל בעסער ווערען זייער לאגע — זיי זאלען האבען מער ארבייט, גרעסערע פארדינסטען, בעסערע באהאנדלונג פון די באלעבאטים און א מער זיכערען לעבען. זיי זיינען בארעכטיגט עס צו וועלען און זיי דארפען עס וועלען.

עס איז פאר אונז איבעריג צו דערמאנען, אז די לאגע פון די קלאוקמאכער אין די לעצטע יארען איז זייער א געדריקטע און אז זי איז געווארען וואס ווייטער אלץ ערגער. מיר ווילען האפען, אז די נייע פירערשאפט און פארוואלטונג פון לאקאל 117, וואס זיינען איצט געווילט געווארען, וועלען געפינען מיטלען ווי אזוי די לאגע צו פארבעסערן און וועלען אנשטרענגען אלע זייערע פעאיגקייטען און כוחות עס צו פארווירקליכען. אבער מיר ווילען דערביי אויך האפען, אז די פירער און די אנהענגער פון דער פריהערדיגער אדמיניסטראציע וועלען אויפריכטיג מיטהעלפען די ניי־געווילטע דורכצופירען זייערע פלענער, וועלכע קענען, לויט ווי זיי דענקען, פארבעסערן די לאגע פון די קלאוקמאכער.

מעגען עקזיסטירען מיינונגס־פארשידענהייטען וועגען דער פירונג פון דער יוניאן, וועגען די פאסענדסטע און פיאיגסטע מענשען, וואס דארפען שטיין ביים רודער פון דער עניאן, אבער די יוניאן איז איינע און די אינטערעסען פון די מיטגלידער פון דער יוניאן זיינען איינע. און איצט, ווען דער וואהלקאמף איז פארענדיגט און די וואהלען זיינען פאריבער, דארפען אלע מיטגלידער פון דער יוניאן האבען איין געדאנק אין קאפ און איין ציל פאר די אויגען, צו פארבעסערן דעם צושטאנד פון טרעיד, און דאס קען דערגרייכט ווערען דורך אלגעמיינער און געמיינשאפטליכער אנשטרענגונג.

די קלאוק אפערייטארס זיינען אמאל געווען די בעסט־באצאלטע אין טרעיד. עס איז געוויס ניט די שולד פון די אפערייטארס, וואס זייער לאגע האט זיך מיט דער צייט אזוי שטארק פארערגערט. עס זיינען געווען א גאנצע רייע אומשטענדען, וואס האבען פארערגערט די לאגע אין קלאוק טרעיד. עס זיינען פארגעקומען ענדערונגען אין אלע אנדערע אינדוסטריעס און עס זיינען אויך פארגעקומען ענדערונגען אין דער קלאוק אינדוסטריע. דערצו דער לאנגער קריזיס, וואס וויל ניט אויפהערען. עס האט זיך אפגעדוכט אויף א ווײלע, אז דער קריזיס מיט זיין גרויסער ארבייטסלאזיגקייט האלט אין פארשווינדען, אבער מען האט זיך אפגענארט. די ארבייטסלאזע ארמיי איז נאך אלץ ריזיג גרויס און דאס מיינט, אז דער קריזיס האלט אן, און אז די קלאוקמאכער זיינען צווישען די, וואס לײדען אמשטארקסטען פון אים איז ניט נויטיג צו דערציילען.

אין אזא צייט און אונטער אזעלכע אומשטענדען נויטיגט זיך א באזונדערע אנשטרענגונג פון אלע כוחות צו פארבעסערן די לאגע פון די ארבייטער אין קלאוק טרעיד.

די קלאוקמאכער האבען אלע מאל געהאט א סך שווערע פראבלעמען אין זייער טרעיד. איצט זיינען זיי נאך מער און נאך שווערער. צו די אלטע זיינען צוגעקומען נייע. מיר האפען דעריבער, אז אלע כוחות פון לאקאל 117 וועלען זיין פאראייניגט אין דעם קאמף צו פארבעסערן דעם גורל פון די קלאוקמאכער אין דער איצטיגער שווערער צייט.

⁂

## דער ערפאלגרייכער ארגאניזאציאנס־קאמפיין אין דער דרעסמאכער יוניאן

די דרעסמאכער יוניאן האט אין איר לעצטען ארגאניזאציאנס קאמפיין, וואס זי האט אונטערנומען סוף אפריל, אונטערגעשריבען אפמאכען מיט ארום 200 פירמעס. און דער קאמפיין איז נאך ניט פארענדיגט. אייגענטליך ווערט אן ארגאניזאציאנס קאמפיין קיין מאל ניט פארענדיגט, ער ווערט שטענדיג פארטגעזעצט, נאר א מאל מיט מער אימפעט און א מאל מיט ווייניגער. שוין דער פאקט אליין, וואס אין אזא גוט ארגאניזירטע אינדוסטריע ווי די דרעס אינדוסטריע אין ניו יארק, האבען זיך נאך אלץ געפונען אזוי פיל דרעס פירמעס, וואס זיינען ניט געשטאנען אונטער דער קאנטראל פון דער יוניאן, באווייזט, אז ארגאניזאציאנס ארבייט אין א יוניאן האט ניט קיין גרענעצען. עס איז אן ארבייט וואס קען קיין מאל ניט אפגעשטעלט ווערען.

דער לעצטער גרויסער ארגאניזאציאנס קאמפיין פון דער דרעסמאכער יוניאן באווייזט אבער נאך וואס. ער באווייזט וועלכע גרויסע שוועריגקייטען עס ליגען אויף דעם וועג פון אונזערע יוניאנס צו ארגאניזירען די אינדוסטריעס, מיט וועלכע זיי זיינען פארבונדען. עס איז דאך ניט קיין צופאל, וואס אין דעם אזוי גוט־ארגאניזירטען דרעס טרעיד פון ניו יארק זאלען זיך קענען געפינען אזוי פיל דרעס פירמעס, וואס האבען אויסגעמידען די קאנטראל פון דער יוניאן.

איז עס מעגליך, אז די יוניאן האט ניט געוואוסט פון זייער עקזיסטענץ? דאס זיכער ניט. זייער צאל איז א צו גרויסע, אז דאס אויג פון דער יוניאן זאל זיי ניט קענען באמערקען.

עס זיינען די גרויסע שוועריגקייטען, וואס זיינען פארבונדען מיט ארגאניזירען אט די פירמעס, וואס שטעהען אין וועג פון דער יוניאן. און ניט בלויז די גרויסע שוועריגקייטען זיי צו ארגאניזירען, נאר אויך די גרויסע שוועריגקייטען זיי צו האלטען ארגאניזירט, ווען מען קריגט זיי שוין.

אין דעם פאריגען נומער „גערעכטיגקייט“ איז פאראן א באשרייבונג פון די שוועריגקייטען וואס די דרעסמאכער יוניאן האט באגעגענט אין איר וועג צו ארגאניזירען די דערמאנטע פירמעס. עס זיינען צווישען זיי געווען דזשאבערס, מאנופעקטשורערס און קאנטראקטארס. און אט איז וואס עס ווערט דערציילט וועגען זיי:

„די דזשאבערס זיינען מערסטענס אזעלכע וואס האבען אין ניו יארק בלויז אן אפיס מיט א שאו־רום. מאנכע פון זיי האבען א פאר סעמפעל מאכער. זייער מערסטע ארבייט ווערט געמאכט אין קאנטראקטינג שעפער אוט או טאון. סטרייקען אזא דזשאבער איז א גאנץ שווערע אויפגאבע. אין ניו יארק איז נישטא וועמען ארונטערצונעמען פון דער ארבייט ביי אזא דזשאבער. עס איז מערסטענס אן ארבייט פון יאגען זיך נאך די באנדלאך, אויסגעפינען וואו זיי ווערען געמאכט, ניט לאזען זיי דעליווערען. מען מוז היטען די שאו־רומס טאג און נאכט.

נאך ערגער איז עס מיט די קלענערע פירמעס וואס פארפעסטען די דרעס אינדוסטרי. א נייער סארט סוועט שעפער האט זיך לעצטענס ענטוויקעלט אין דרעס טרייד. סוועט שעפער 1939 מאדעל. ווען מען גייט פארביי די הויכע מאדערנע געביידעס אויף דער 35טער סטריט קען זיך איינעם אויסדוכטען אז מען האט דא צו טאן מיט גרויסע מאנופעקטשורערס. גייט איר אבער אריין אינעווייניג, געפינט איר אויס אז יעדער פלאר איז צעטיילט אין א טוצען צימערלאך און יעדער צימערעל אין א מין דרעס שאפ רחמנא לצלן. א שאפ מיט דריי, פיר, פינף מאשינקעס. דער באס אליין איז דער צושניידער. אמאל זיינען עס צוויי פארטנערס. אין גאנצען שאפ זיינען דא צוויי־דריי געדונגענע בעל מלאכות. דער באס אליין גייט צו אדער פארט צו מיט זיין מאשינקע צו א סקעב־דזשאבער און טראגט ארויס א באנדעל מלאכה אונטערן ארעם. ער אליין ברענגט אויך די פארטיגע דרעסקעס אין א פעקעל. סטרייקט איר אזוינעם מאכט ער צו די שאפקע און ווערט נעלם. אין א וואך ארום וואקסט ער ארויס ווי א גיפטיגע שוואם אויף פארפעסטען באדען ערגע אנדערש אין זעלבען בלאק אדער מיט א בלאק ווייטער. די יוניאן דארף זיי נאכפאלגען. עס פאדערט זיך אן אמת'ע „אינטעלידזשענס סורוויס“, א מין דעטעקטיוו ביורא פון שערלאק האלמס צו קענען זיי נאכהאלטען.

קליין אבער ווי די שאפקעס זיינען, זיינען זיי אבער טויטליך פאר דער אינדוסטרי און פאר די אויסגעקעמפטע סטאנדארדס פון די ארבייטער. ווי די מיקראבען אטאקירען זיי דעם גאנצען ארגאניזם און אויב מען זאל זיי צורו לאזען פאראורזאכען זיי א חורבן.

דאס זיינען צושטענדע, מיט וועלכע עס איז שווער צו קעמפען און ניט אלע מאל איז די יוניאן אימשטאנד זיך ארייינצולאזען אין אזא קאמף. עס איז אן אלטער כלל, אז עס איז לייכטער צו פירען א קאמף געגען וועלף און בערען, איידער געגען אינזעקטען. און ווען מען ווערט באקאנט מיט די גרויסע שוועריגקייטען, וואס די דרעסמאכער יוניאן האט געהאט אין איר וועג אין איר לעצטען ארגאניזאציאנס־קאמפיין קען מען איצט ריכטיג אפשא־

צען ווי גרויס עס איז געווען דער ערפאלג, וואס זי האט דערגרייכט.

❖

## דאס אפשאפען פון פעדעראלען טעאטער פראיעקט

די קאנגרעסלייט האבען זיך ענדליך דאך דערטראכט ווי אזוי מען קען צוריקברענגען די פראספעריטי אין אמעריקע. זיי האבען באשלאסען אפצושאפען דעם פעדעראלען טעאטער פראיעקט, ביי וועלכען עס זיינען באשעפטיגט ארבייטסלאזע אקטיארען און אנדערע ארבייטסלאזע, וואס זיינען פארבליבען מיט דער טעאטער פראפעסיע. שפעטער קלייבען זיי זיך אנצונעמען א רעזאלוציע אפצושאפען די פעדעראלע פראיעקטען פאר מאלער און שרייבער.

די סומע געלד וואס די רעגירונג קען שפארען פון אפשאפען אט די פראיעקטען איז אין פארהעלטניס א גאנץ קליינע. ערשטענס זיינען די קאסטען פון אט די פראיעקטען ניט קיין גרויסע, ווייל זיי באשעפטיגען ניט קיין גרויסע צאל מענשען. צווייטענס טראגען מאנכע טיילען פון זיי א גאנץ באדייטענדע הכנסה. איניגע טעאטער־פארשטעלונגען פון דעם פעדעראלען טעאטער־פראיעקט זיינען געווען ניט בלויז א גרויסער קינסטלערישער ערפאלג, נאר אויך א פינאנציעלער. דריטענס, וועלען כמעט אלע, וואס זיינען איצט באשעפטיגט ביי דעם פעדעראלען פראיעקט, מוזען אוועקגעשטעלט ווערען אויף רעליף, ווען דער פראיעקט וועט אפגעשטעלט ווערען. און דאס רעליף געלד קומט אויך פון דער קהל'שער קאסע. עס איז דעריבער, קלאר, אז צוליב דער עקאנאמיע אליין וואלט זיך די קאנגרעסלייט ניט געלוינט צו מאכען אזא טומעל וועגען דעם טעאטער פראיעקט. מען דארף דעריבער אננעמען, אז זיי גלויבען, אז דורך דעם אפשאפען פון טעאטער־פראיעקט וועלען זיי צוריקברענגען די פראספעריטי אין לאנד.

ווי אזוי? דאס איז דער סוד פון די קאנגרעסלייט. עס איז אייגענטליך זעהר שווער צו פארשטיין די וועגען פון די קאנגרעסלייט, וואס האבען זיך געמאכט פאר זייער אויפגאבע צו באקעמפען רוזוועלט'ס „ניו דיל“. זיי זיינען די גאנצע צייט, וואס זיי זיצען אין קאנגרעס, פארנומען מיט א קאמף געגען די פעדעראלע ארבייטס־פראיעקטען, ביי וועלכע עס זיינען באשעפטיגט דירעקט און אינדירעקט מיליאנען ארבייטער, וואס זיינען גענומען געווארען פון דער גרויסער ארבייטסלאזער ארמיי.

עס דארף דאכט זיך זיין קלאר פאר יעדען איינעם, אז ווען די פעדעראלע ארבייטס־פראיעקטען וועלען פארקלענערט ווערען וועט גרעסער ווערען די ארבייטסלאזע ארמיי. די קאנגרעסלייט אליין ווייסען, אז ווען אן ארבייטער, וואס איז באשעפטיגט ביי דער דאבליו פי. איי, האט די געלעגענהייט צו קריגען ארבייט ביי א פריוואטער אונטערנעמונג פארזאמט ער עס ניט צו נעמען. די רעקארדס פון דעם ארבייטס־דעפארטמענט ווייזען עס. די צרה איז אבער, וואס די פריוואטע אונטערנעמונגען שטעלען איצט ניט אן קיין נייע ארבייטער. א סך פון זיי זאגען גיכער אפ א טייל פון די ארבייטער, וואס זיינען ביי זיי באשעפטיגט. עס איז דעריבער ניט באגרייפליך, ווי אזוי די קאנגרעסלייט, וואס קעמפען געגען דער דאבליו פי. איי. דענקען, אז ווען די פעדעראלע ארבייטס־פראיעקטען וועלען פארקלענערט ווערען וועט די עקאנאמישע לאגע אין לאנד בעסער ווערען. אמת, די רעגירונג וועט איינשפארען עטליכע צענדליג מיליאן דאלער. אפשר עטליכע הונדערט מיליאן דאלער, ווען מען וועט די פעדעראלע ארבייטס פראיעקטען שניידען אלץ מער און מער, אבער דערפון וועט די עקאנאמישע לאגע ניט בעסער ווערען, נאר ערגער ווערען. עס וועלען צוקומען נאך א מיליאן אדער מער ארבייטער, וואס וועלען אין גאנצען פארלירען זייער קויף־קראפט. און ווייסען דאך שוין היינט אפילו יונגע שול־קינדער, אז דער עקאנאמישער צושטאנד פון לאנד הענגט אפ פון דער קויף קראפט פון די פאלקס־מאסען.

פארלויפיג האבען די קאנגרעסלייט, וואס באקעמפען רוזוועלט'ס „ניו דיל“ — און צווישען זיי זיינען פאראן א סך, וואס פארטרעטען די דעמאקראטישע פארטיי — נאך ניט אנגעוויזען אויף קיין איינציגען קאנסטרוקטיווען פלאן ווי אזוי צו פארבעסערען די עקאנאמישע לאגע אין לאנד און צו פארטרייבען דעם קריזיס. משמעות, אז דאס אפשאפען פון דעם פעדעראלען טעאטער פראיעקט איז זייער איינציגער פלאן, וואס זיי האבען.

מיר ווילען זיך דא ניט אפשטעלען אויף דעם אלגעמיינעם רעאקציאנערען כאראקטער פון די קאנגרעסלייט, ווי זיי באהאנדלען די דאבליו פי. אי. עס דריקט זיך אויס ניט בלויז אין א רעאקציאנערען גייסט, נאר אויך אין א שענדליכער ענג־הארציגקייט. אין דער ווירקליכקייט באקעמפען די קאנגרעסלייט ניט אזוי שטארק די גרויסע געלד סומען, וואס ווערען אויסגעגעבען פאר דער דאבליו פי. אי. ווי דעם ליבעראלען רוזוועלט גייסט, וואס הערשט אין זיי. און פון דעם נעמען זיך אט די אלע רעאקציאנערע באשלוסען, וואס די קאנגרעסלייט האבען אנגענומען וועגען די ענדערונגען וואס דארפען געמאכט ווערען אין דער דאבליו פי. איי. אבער וועגען דעם דארף מען שרייבען אויספירליכער. אגב ווילען מיר האפען, אז אין סענאט, וואו עס הערשט א מער ליבעראלער גייסט, וועלען די רעאקציאנערע באשלוסען פון די קאנגרעסלייט ניט קריגען די נויטיגע צושטימונג.

❖

## די נאציאנאלע הכנסה פון אמעריקע.

די הכנסה פון אמעריקאנער פאלק האט זיך דאס לעצטע יאר פארקלענערט אויף עלף פראצענט. אין גאנצען איז די אמעריקאנער „נאציאנאלע הכנסה“, ווי מען רופט עס, געווען 64 ביליאן דאלער דעם פאריגען יאר, בעת פאר'ן יאר 1937 איז עס געווען 72 ביליאן. ווען מען וואלט די 64 ביליאן דאלער נאציאנאלע הכנסה צוטיילט אויף גלייכע טיילען צווישען דער אמעריקאנער באפעלקערונג וואלט עס אויסגעמאכט 5 הונדערט דאלער פער קאפ. אויף א פאמיליע פון פינף וואלט עס אויסגעקומען דריטהאלבען טויזענד דאלער. אבער אזוי ווי מען האט עס ניט צוטיילט גלייך, זיינען געווען אזעלכע וואס זייער חלק איז געווען מער ווי א מיליאן און אזעלכע, וואס זייער חלק איז געווען אזוי גוט ווי גארנישט.

נאר אין פארגלייך מיט'ן יאר 1932, ווען רוזוועלט האט איבערגענומען די מלוכה פון הואווער'ס הענד, איז דאס יאר 1938 גאר ניט קיין שלעכטער, וואס איז שייך צו דער נאציאנאלער הכנסה. אין יאר 1932 איז נעמליך די נאציאנאלע הכנסה פון אמעריקע געווען בלויז 40 ביליאן דאלער, עס הייסט מיט 24 ביליאן דאלער ווייניגער ווי ווי אין יאר 1938.

ווי אזוי דאס האט געקענט טרעפען, אז אונטער א רעפובליקאנער פרעזידענט און אונטער א רעפובליקאנער אדמיניסטראציע זאל די נאציאנאלע הכנסה פאלען אזוי נידריג דארף מען זוכען אן ערקלערונג ביי דער רעפובליקאנער פארטיי. זאגען דאך די רעפובליקאנער און זייערע נאכלויפער, אז זיי זיינען די איינציגע וואס ווייסען דעם סוד פון פראספעריטי און אז זיי וועלען איר גלייך צוריקברענגען ווי מען וועט נאר איבערגעבען די לייצעס פון דער מלוכה אין זייערע הענד, טא ווי אזוי האט אונטער הואווער'ס באלאבאטישקייט געקענט זינקען די אמעריקאנער נאציאנאלע הכנסה אזוי נידעריג ווי 40 ביליאן דאלער?

נאר אין דעם חשבון וועגען דער אזוי־גערופענער אמעריקאנער נאציאנאלער הכנסה דארף אויך אויסגערעכענט ווערען די קויף־קראפט פון דעם דאלער, ווייל די צאל דאלארס, ווען מען ווייס ניט זייער קויף קראפט, זאגט גארנישט. אט ווערט, למשל, אנגעוויזען, אז אין 1938 האט מען פאר'ן דאלאר געקענט קויפען מער, ווי אין יאר 1937. מען זאגט אונז, אז לעבענסמיטעל און סחורות אין אלגעמיין זיינען אין יאר 1938 געווען ביליגער ווי אין יאר 1937. און ווען סחורות זיינען ביליגער האט דער דאלער מער ווערט, ווייל מען קען פאר אים קויפען מער. ווען מען זאל דעריבער דורכפירען א ריכטיגען חשבון וועט מען אפשר אויסגעפינען, אז די 64 ביליאן דאלאר פון 1938 זיינען געווען אזוי פיל ווערט ווי די 72 ביליאן דאלאר פון 1937 און ממילא האבען מיר אין פאריגען יאר גאר ניט געהאט קיין קלענערע נאציאנאלע הכנסה.

נאר ווען דער חשבון זאל אפילו ווייזען, אז די נאציאנאלע הכנסה איז אין יאר 1938 ניט געווען קלענער, ווי אין יאר 1937, וועט עס אבער דאך ניט ענדערען דעם פאקט, אז דאס יאר 1938 איז אין עקאנאמישען זין געווען ערגער ווי דאס יאר 1937.

מען קען אויך מאכען א חשבון, אז די נאציאנאלע הכנסה פון 72 ביליאן דאלאר וואס אמעריקע האט געהאט אין יאר 1937, איז געווען גרעסער, ווי פון דעם גרויסען פראספעריטי יאר פון 1929 ווען די אמעריקאנער נאציאנאלע הכנסה האט דערגרייכט די סומע פון 82 ביליאן מיט 700 מיליאן דאלער. דער חשבון איז, אז פאר די 72 ביליאן דאלאר פון 1937 האט מען געקענט מער קויפען ווי פאר די 82 ביליאן און 700 מיליאן פון 1929, ווייל די פרייזען פון סחורות און פראדוקטען זיינען אין 1929 געווען מיט 19 פראצענט העכער. מיר ווייסען אבער אז דאס יאר 1929 איז עקאנאמיש געווען א סך בעסער ווי דאס יאר 1937.

אין אלגעמיין האט דער חשבון פון דער נאציאנאלער הכנסה ניט קיין איבעריגס גרויסען ווערט ווען מען דערציילט אונז ניט דערביי אז די הכנסה איז פארטיילט געווארען צווישען דער באפעלקערונג און ווי גרויס עס איז געווען יעדענס חלק.

---

## אין וואגל

פון

ברכה קאפשטיין

העל איז דער טאג — מיט מיין קינד ביי דער זייט —\
טראגען געדאנקען אוועק מיר עט־ווייט.

זיין הענטעלע קליין אין מיין האנט פארקלעמט.\
דערזען זיינע אויגלעך, האב איך זיך פארשעמט.

קינדערלעך שטיפען — מיט הארץ און געפיל,\
וואס מאמע פארגעסען דאס קינד אינם שפיל.

שיין איז דער טאג. נאך שענער מיין קינד,\
וואו איז די מאמע פארטראגען אצינד?

די מאמע איז דא, מיט אברים, מיט גוף,\
צו פארשפיצטע אויערן דערטראגט זיך א רוף.

א רוף פון דער ווייט, א רוף פון נישט־היי.\
די שטימען, די פנימער, עס קאן גארניט זיי.

די שטימען זיי קומען פון מענשען ווילד־פרעמד —\
דאך אזוי אייגען, ווי אויף לייב דאס העמד...

העל איז דער טאג, און ריין די לופט,\
נאך העלער און ריינער די שטים וואס רופט!

די שטים פון מיין פאלק — דאס געוויין איבער וועלט,\
אונטער פארוואלקענטע הימלען, אין וואגל, אין קעלט.

ווי קען זיך דער הימעל ניט שפאלטען פון שאנד —\
ווען ס'וואלגערען זיך מענשען אין „קיינעמס־לאנד“?

ווי קען נאך שיינען די זון אין מענשליכע אויגען,\
ווען א בלוטיגער פאס איז איבער פנים פארצויגען.

א בלוטיגער פלעק — פון מענשליכע הענט;\
ווער האט עס דאס ליכט פון דער וועלט פארבלענדט?

שפילט זיך מיין קינד אליין ביי דער זייט\
און איך, זיין מאמע, — זע אים העט־ווייט...

א גליד פון מיין ציטער, א טראפען אין ים,\
א קינד פון מיין פאלק — פון אור־אלטען שטאם.

א קינד מיט צוויי קיילעכדיגע יאר אין פארמעג —\
מיין קינד, א שליח, אין ענדלאזען וועג.

א קינד און א מאמע אין קיינעמס־לאנד,\
ביים ראנד פונם אפגרונט, וואו ס'פלאקערט די בראנד.

אונטער פארוואלקענטע הימלען, אין וואגל, אין קעלט.\
די בראנד פון מיין פאלק — דאס געוויין איבער וועלט.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



יך וויס ניט ווי איך זאָל אויסטייטשען דעם רעזולטאַט פון די לעצטע וואַלען אין לאָקאַל 117. איז עס געווען אַן אויפשטאַנד געגען דער אַלטער אַדמיניסטראַציע, ווי דאָס טרעפט געוויינליך, ווען אַן אַדמיניסטראַציע האַלט זיך אַ לענגערע צייט אין אַמט און די צושטענדע אין טרעיד זיינען שלעכטע און ווערען ניט בעסער, אָדער דאָס איז געווען אַן אויפשטאַנד געגען דעם פאַראייניגטען פראָנט מיט די קאָמוניסטען?

איך וואָלט געווען זעהר צופרידען ווען איך וואָלט דעם אויסגאַנג פון די וואַהלען אין לאָקאַל 117 געקענט אויסטייטשען אַלס אַן אויפשטאַנד געגען דעם פאַראייניגטען פראָנט: און ניט דערפאַר וואָס איך בין אַ געגנער פון דער פאַראייניגטער פראָנט אידייע. אין געגענטייל. איך האָב מיט אַ לענגערער צייט צוריק צוגעשטימט צו דער אידעע פון אַ פאַראייניגטען פראָנט אין דער יוניאָן, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס איך האָב די קאָמוניסטען ניט ליבער געקראָגען ווי אַ מאָל. אין געגענטייל זינט זיי האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו פריינדלען צו אונז און האָבען מיך אויפגעהערט צו רופען קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און סאָציאַלער פאַשיסט איז מיין געגנערשאַפט צו זיי געוואָרען פיל שטאַרקער. פריהער האָב איך זיי געקענט באַטראַכטען פאַר אויסגעלינקטע פאַנאַטיקער און האָב זיי ניט געהאַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייערע זידלערייען און באַליידיגונגען. שפּעטער אָבער, ווען זיי האָבען זיך איבערגעקערט פון עקסטרעם לינקס צו עקסטרעם רעכטס, זיינען זיי געוואָרען די פּרינציפּלאָזעסטע אָפּאָרטוניסטען, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן און זיי זיינען געוואָרען אַ מעהר שעדליכער עלעמענט אין דער אַרבייטער באַוועגונג ווי פריהער. נאָר אַ יוניאָן איז ניט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי, נאָר אַן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע. צו אַ יוניאָן באַלאַנגען און מוזען באַלאַנגען אַלע, וואָס אַרבייטען אין איין שאַפּ און אין איין טרעיד. אַ יוניאָן קען ניט אויסקלייבען אירע מיטגלידער פון איין פּאָליטישער ריכטונג און אויסשליסען די, וואָס באַלאַנגען צו אַן אַנדער פּאָליטישער ריכטונג. אין אַ יוניאָן מוזען אַלע מיטגלידער זיין פאַראייניגט פאַר די אינטערעסען פון דער אָרגאַניזאַציע און פון דעם טרעיד. און פון אַט דעם שטאַנדפּונקט האָב איך געגלויבט, אַז עס איז בעסער צו האָבען מיט די קאָמוניסטען אין דער יוניאָן אַ שלעכטען פרידען איידער אַ גוטע מלחמה.

איך זאָג אַ „שלעכטער פרידען", ווייל איך האָב מיר קיין אַנדערען ניט געקענט פאָרשטעלען. איך האָב אַליין אַ מאָל אויסגעפּראָבירט אַ פאַראייניגטען פראָנט מיט די קאָמוניסטען. דאָס איז געווען אין 1921, ווען עס איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער אידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. און יענע ערפאַרונג האָט מיר געוויזען, אַז קיין גוטען פרידען מיט קאָמוניסטען קען מען ניט האָבען. מיר האָבען זיך אָנגעפאַנגען קריגען כמעט פון ערשטען טאָג אָן, ווען דער פאַראייניגטער פראָנט איז געמאַכט געוואָרען און עס האָט ביי מיר ניט אויסגעהאַלטען אַפילו קיין גאַנצען יאָר. מיר האָבען זיך צושיידט איידער מיר האָבען נאָך צייט געהאַט צו פייערען דעם ערשטען יערליכען יובילעי.

נאָר וואָס איז שייך צו דער יוניאָן האָב איך געמאַכט אַ טעות אין דער אָפּשאַצונג. דער פרידען איז שוין געווען אַ צו גוטער און וואָס „צו" איז אומגעזונט.

איך האָב ביי איניגע געלעגענהייטען געשריבען אין דער „גערעכטיגקייט", אַז דער חסרון פון דעם פאַראייניגטען פראָנט אין דער יוניאָן איז, וואָס ער איז צו גוט פאַראייניגט. דער פאַראייניגטער פראָנט האָט כמעט ווי אויסגעשלאָסען יעדע קריטיק און יעדע אָפּאָזיציע אין דער יוניאָן און די אַדמיניסטראַציע האָט זיך ממילא געפילט צו אומאָפּהענגיג.

עס איז אַלע מאָל געווען מיין מיינונג, אַז קריטיק איז אַ געזונטע זאַך פאַר אַן אָרגאַניזאַציע און אַז אַן אָפּאָזיציע צו דער אַדמיניסטראַציע איז ניצליך, ווי לאַנג זי האַלט זיך אין די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע. אין דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט, דער עלטסטער פּאַרלאַמענט אין דער וועלט, האָט די אָפּאָזיציע אַן אָפיציעלע אָנערקענונג פון דער אַדמיניסטראַציע. דאָס איז דער ריכטיגער אויסדרוק פון דעמאָקראַטישען פּאַרלאַמענטאַריזם.

דעריבער זאָג איך, אַז איך וואָלט געווען מעהר צופרידען ווען איך וואָלט געקענט באַטראַכטען דעם רעזולטאַט פון די לעצטע וואַהלען אין לאָקאַל 117 ווי אַן אויפשטאַנד געגען פאַראייניגטען פראָנט, וואָס איז ביז אַ גרויסער מאָס מיסברויכט געוואָרען. איך בין אָבער ניט זיכער, אַז דאָס איז ווירקליך דער פאַל. איך האָב פּראָבירט אַנאַליזירען די שטימען וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען אין די וואַהלען, אַן אומגעוויינליכע גרויסע צאָל שטימען, און איך האָב אין זיי ניט געקענט געפינען קיין אויסגעהאַלטענע ליניע. אין געגענטייל. איך האָב זיך אָנגעשטויסען אויף אַ סך ווידערשפּרוכען. עס איז בלויז איין זאַך זיכער פון דער אָפּשטימונג, אַז עס איז געווען אַן אויפשטאַנד, נאָר צו וויסען געגען וואָס און געגען וועמען דאַרף מען די שטימען גרינטליכער שטודירען און אַנאַליזירען. דאָס וועל איך אפשר טאָן, ווען איך וועל האָבען מעהר צייט און ווען דער רויך פון דעם פּולווער, וואָס איז אויסגעשאָסען געוואָרען אין דער וואַהל־מלחמה, וועט פאַרשווינדען פון דער לופט.

⁂

וואָס איז אַ קרעפּט יוניאָן?

דאָס קען אויסזעהן אַ גאַנץ טשיקאַווע פראַגע. מען שלאָגט זיך אַרום אַזוי פיל יאָרען וועגען קרעפּט יוניאָנס און אינדוסטריעלע יוניאָנס און דאָ שטעל איך גאָר אין מיטען דערינען אַ פראַגע וואָס עס איז אַ קרעפּט יוניאָן.

וועל איך זיך פאַרענטפערען און זאָגען, אַז ניט איך שטעל די פראַגע, נאָר גאַנץ אַנדערע.

אמת, איך קאָן זיך ניט באַרימען, אַז פאַר מיר איז אין גאַנצען קלאָר וואָס אַ קרעפּט יוניאָן מיינט. אַט בין איך געזעסען אויף דעם לעצטען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאָנאַל אין אַטלאַנטיק סיטי און האָב זיך צוגעהערט צו אַ דיסקוסיע וועגען „ספּעציעלע מאַשינען" אין קלאָוק שעפּער, עס הייסט צו וועלכען לאָקאַל עס דאַרפען באַלאַנגען די אַרבייטער, וואָס זיינען באַשעפטיגט ביי אַט די ספּעציעלע מאַשינען. דער באַשלוס איז געווען, אַז געוויסע ספּעציעלע מאַשינען באַלאַנגען צו דעם פינישער לאָקאַל 9 און די אַנדערע צום אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117. האָב איך געטראַכט: ווי קומען מאַשינען צו דעם לאָקאַל פון די פינישערס? איך געדענק נאָך גאַנץ גוט דעם פאַרביטערטען קאַמף, וואָס לאָקאַל 9, האָט אָנגעפירט געגען די אַזוי גערופענע „אויסגענעהטע אַרבייט" (דאָס איינגענעהען לייניגס מיט דער מאַשין). און איז דאָך דער אונטערשייד צווישען פינישערס און אָפּערייטאָרס אין דעם, וואָס די ערשטע נעהען מיט דער האַנט און די צווייטע מיט דער מאַשין. און אויב פינישערס פאַנגען אָן אַרבייטען מיט דער מאַשין גאַנץ גלייך וואָס פאַר אַ מאַשין, זיינען זיי אָפּערייטאָרס, אויב מען זאָל זיך האַלטען פאַר דער גענויער איינטיילונג פון קרעפּט יוניאָנס. נאָר אַזוי ווי ביי אונז אין דער אינטערנעשאָנאַל איז די איינטיילונג פון קרעפּט יוניאָנס סיי ווי סיי ניט אַזאַ שטרענגע איז עס מיר ניט אַזוי שווער געווען צו פאַרענטפערען די פראַגע. עס איז אָבער גאָר ניט אַזוי לייכט צו ענטפערען די פראַגע וואָס עס איז אַ קרעפּט יוניאָן, ווען עס קומט צו ציהען אַ שאַרפע ליניע און זאָגען גאַנץ גענוי וואָס דער נאָמען מיינט היינט.

די פראַגע האָבען געשטעלט געוויסע עקספּערטען, וואָס האָבען זיך פאַראינטערעסירט מיט די אַמענדמענטס פון דער אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר צו דעם וואַגנער אַרבייטער־געזעץ. די פירער פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר פאָדערען נעמליך, אַז ווען עס קומט צו דער פראַגע פון קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען צווישען אַרבייטער און באַלעבאַטים, וועגען וועלכע די באָאַרד אָוו נעשאָנאַל לעיבאָר רילעישאָנס האָט די אַנטשיידונג, זאָל מוזען אָנערקענט ווערען אַ „קרעפּט איינהייט" צו פירען די פאַרהאַנדלונגען, אויב די מאַיאָריטעט פון די אַרבייטער פון אַט דעם קרעפּט פאָדערען עס. ווען דער פאַרהער וועגען אַט דעם אַמענדמענט איז פאָרגעקומען ביי דער סענאַט סאָבקאָמיטע האָט סענאַטאָר עלענדער פון לואיזיאַנאַ, געבעטען דעם הויפּט־לאָיער פון דער אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר דזשאָזעף פּעדוועי, אַז ער זאָל איהם ערקלערען וואָס ווערט געמיינט מיט דעם וואָרט קרעפּט. מר. פּעדוועי האָט אָבער געענטפערט, אַז ער נעמט זיך ניט אונטער עס צו ערקלערען, ווייל די טעכנאָלאָגישע ענדערונגען אין דער אינדוסטריע האָבען געענדערט די יוריסדיקציעס פון די קרעפּטס. ער האָט דערביי באַמערקט, אַז ער גלויבט ניט, אויב אימעצער אַנדערש, וואָס איז באַקאַנט מיט אַרבייטער פּראָבלעמען וועט קענען געבען אַן ערקלערונג וואָס עס איז אַ קרעפּט. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז פּעדוועי איז גערעכט. די דערמאָנטע עקספּערטען, וואָס האָבען זיך מיט אַט דער פראַגע פאַראינטערעסירט, האָבען זיך געווענדעט צו מערערע פירער פון דער אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר, אַז זיי זאָלען זיי ערקלערען וואָס עס מיינט היינט דער אויסדרוק „קרעפּט", אָבער זיי האָבען פון קיינעם ניט געקענט קריגען דעם געווינטשטען ענטפער. עס האָבען אַפילו ניט געקענט געבען קיין ענטפער די פירער פון קרעפּט יוניאָנס. זיי האָבען בלויז געקענט ערקלערען וואָס עס איז די יוריסדיקציע פון זייערע יוניאָנס לויט זייערע קאָנסטיטוציעס, אָבער ניט וואָס עס מיינט „קרעפּט".

די עקספּערטען האָבען דעריבער פּראָבירט זוכען אַן ענטפער אויף זייער פראַגע דורך שטודירען די יוריסדיקציעס פון פאַרשידענע קרעפּט יוניאַנס, ווי זיי זיינען פאָרמולירט אין זייערע קאָנסטיטוציעס. זיי האָבען אָבער באַלד אויסגעפונען, אַז אויך אויף דעם וועג איז שווער צו קריגען א קלאָרען ענטפער, איינפאַך צוליב דעם ווייל די באַשרייבונג פון די קרעפּט יוריסדיקציעס אין די קאָנסטיטוציעס פון די פאַרשידענע קרעפּט יוניאַנס איז פאַרשידען. אין מאַנכע פון די קאָנסטיטוציעס פון די קרעפּט יוניאַנס איז די באַשרייבונג פון זייערע יוריסדיקציע זעהר א קורצע. זי ווערט אויסגעדריקט אין צען ווערטער. אין אַנדערע אָבער איז זי זעהר אַ לאַנגע, זי פאַרנעמט 16 הונדערט ווערטער. זיי האָבען דורכשטודירט 85 קאָנסטיטוציעס פון די קרעפּט יוניאַנס פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר און זיי האָבען אויסגעפונען, אַז נאָר 12 פון זיי האָבען א יוריסדיקציע בלויז אויף א י י ן קראַפט און אַז אַלע 12 צוזאַמען האָבען ניט מער ווי 25 טויזענד מיטגלידער, בעת די איבעריגע 73 יוניאַנס האָבען צוזאַמען א מיטגלידערשאַפט פון 3 מיליאָן, אָבער יעדע פון זיי האָט אַ יוריסדיקציע אויף מער ווי איין קרעפּט.

די אויספאַרשונג האָט געוויזען, אַז די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר האָט 10 אינדוסטריעלע יוניאַנס מיט 815 טויזענד און 600 מיטגלידער. 27 יוניאַנס, וואָס זיינען האַלב־אינדוסטריעלע מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 611 טויזענד, 19 יוניאַנס פון עטליכע קרעפּטס אין יעדער מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 458 טויזענד און 300, 13 יוניאַנס וואָס באַשטייען פון אַלע אַרבייטער אין טרייד, סאַי געלערנטע און סאַי ניט געלערנטע אַרבייטער, מיט 814 טויזענד און 800 מיטגלידער און 4 יוניאַנס פון געמישטע טרעידס מיט 304 טויזענד און 600 מיטגלידער.

די אונטערשטע שורה איז, אַז אמת'ע קרעפּט יוניאַנס, ווי מען פלעגט עס אַמאָל פאַרשטיין, זיינען אין דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר היינט פאַראַן גאַנץ ווייניג און אויב דער אַמענדמענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר צו דעם וואַגנער געזעץ זאָל אָנגענומען ווערען וועט דער נעשאָנעל לעיבאָר רילעישאָנס באָאַרד האָבען א גאַנץ שווערע אַרבייט צו באַשטימען וואָס עס מיינט אַ קרעפּט, ווען אַ גרופּע אַרבייטער פון אַ פאַבריק וועלען פון איהם פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל זיי אָנערקענען אַלס א קרעפּט צו פירען קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען. זיינע שוועריגקייטען וועלען ווערען נאָך גרעסער צוליב די שטענדיגע טעכנאָלאָגישע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דער אינדוסטריע און אין דער טיילונג פון אַרבעט.

די עקספּערטען, וואָס האָבען געמאַכט די אויספאָרשונג, דענקען דעריבער, אַז דער אַמענדמענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לעיבאָר, וואָס פאָדערט די אָנערקענונג פון קרעפּט איינהייטען צו פירען קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען, וועט ברענגען דעם גרעסטען שאָדען צו די יוניאַנס פון דער פעדעריישאָן גופא. זיי גיבען אַזאַ ביישפּיל: א גרופּע מעטאַל־שווייסער (וועלדערס), וואָס באַלאַנגען צו דער מאַשיניסטען יוניאַן, וועלען פאַרלאַנגען פון לעיבאָר באָאַרד אַן אָנערקענונג אַלס א באַזונדערער קרעפּט צו פירען קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען. דער לעיבאָר באָאַרד וועט זייער פאַרלאַנג באַטראַכטען און וועט אפשר אויסגעפינען, אַז לויט דעם אמענדמענט פון דער אמעריקען פעדעריישאַן אָוו לעיבאָר זיינען זיי עס באַרעכטיגט צו פאָדערען. די מעטאַל־שווייסער קענען דעמאָלט באַשליסען, אַז זיי טרעטען אינגאַנצען אַרויס פון דער מאַשיניסטען יוניאַן. און אַזוי ווי די מאַשיניסטען יוניאַן באַשטייט פון פאַרשידענע קרעפּטס, און ווען יעדער קרעפּט זאָל אַזוי האַנדלען, ווי די מעטאַל־שווייסער, וועט די מאַשיניסטען יוניאַן אינגאַנצען פונאַנדערפאַלען.

# ווי רייך איז אַמעריקע און ווי אָרים עס זיינען מיליאָנען אַמעריקאַנער

פון פּראָפעסאָר א. דוביצקי.



מעריקע איז אַ רייך לאַנד. דאָס איז באַוואוסט. עס איז אָבער זייער אינטערעסאַנט זיך באַקאַנען גענוי מיט ציפערן און פאַקטען אום צו האָבען אַן אמת'ן באַגריף וועגען דעם אומבאַשרייבליך גרויס רייכטום פון אונזער לאַנד און צו גלייכער צייט אויך מיט דער געוואַלדיגער אָרימקייט און מיט דעם אונבאַשרייבליך גרויסען עלענד פון מיליאָנען אַמעריקאַנער. מיט אַנדערע ווערטער — אַ שטיקעל פאַרגלייך צווישען אַמעריקאַנער מיליאָנערען און מיליאָנען אַמעריקאַנער.

אַמעריקע איז רייך און גרויס. אויפן שטח פון די אַמעריקאַנער פאַראייניגטע שטאַטען וואָלט מען געקאָנט באַזעצען אַלע 26 מלוכות און מלוכה'לעך פון אייראָפּע — אַ חוץ סאָוועטען־פאַרבאַנד. אַמעריקע, ווי באַוואוסט, האָט אַן ערך 130 מיליאָן איינוואוינער.

130 מיליאָן איז טאַקע זייער א גרויסע צאָל אין אבסאָלוטע ציפערן. עס איז אָבער פאָרט ניט מער ווי 6 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג פון גאַר דער וועלט. די באַפעלקערונג פון גאַר דער וועלט איז אַן ערך 2 ביליאָן. גענוי איז דאָס ניט באַוואוסט. איז אָט די 6 פּראָצענט פון דער וועלט'ס באַפעלקערונג זיינען געבענשט מיט דער גרעסטער מאָס פון דער וועלט'ס רייכטימער — מיט אַזאַ מאָס רייכטום, וואָס איבערשטייגט גוואַלטיג אין פּראָפּאָרציע די צאָל פון איר באַפעלקערונג. עס באַקומט זיך אַ גוואַלטיקע אומגלייכקייט, ווען איר פאַרגלייכט דאָס רייכטום וואָס ווערט פּראָדוצירט אין אמעריקע אין פאַרגלייך מיט אַנדערע לענדער.

לאָמיר פריער פון אַלץ נעמען א פּאָר ביישפּילען פון דער צאָל פּראָדוצירטער עסענוואַרג. אַמעריקע פּראָדוצירט 53% פון גאַר די קאָרן, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין דער גאַנצער וועלט. אַמעריקע פּראָדוצירט 16% פון גאַר די ווייץ. נאָר סאָוועטען־פאַרבאַנד איבערשטייגט אין דער הינזיכט אמעריקע, פּראָדוצירענדיג 29% פון גאַר די ווייץ. נעמט איר אָבער כמעט אלע אַנדערע פּראָדוקטען, אַן וועלכע די עקזיסטענץ פון א היינטיגער מאָדערנער אינדוסטריע איז ניט מעגליך — פאַרנעמט זי אומעטום ניט נאָר דאָס ערשטע אָרט, נאָר איר פּראָפּאָרציע אין זייער פּראָדוקציע איבערשטייגט ממש די פּראָדוקציע פון די זעלבע פּראָדוקטען פון אַלע אַנדערע לענדער אינאיינעם גענומען. אַמעריקע פּראָדוצירט דורכשניטליך אַן ערך מער ווי אַ העלפט פון אלץ וואס ווערט פּראָדוצירט אין אַלע אַנדערע לענדער אינאיינעם. אַמעריקע פּראָדוצירט 62% פון גאַר דער וועלט'ס אֵיל (נאַפט). דער צווייטער גרעסטער פּראָדוצירער פון אֵיל אין דער וועלט — סאָוועטען־פאַרבאַנד — פּראָדוצירט ניט מער ווי 10%. אמעריקע פּראָדוצירט 50% פון גאַר דעם בוימוואָל (קאַטאָן); דער צווייטער גרעסטער פּראָדוצירער, סאָוועטען־פאַרבאַנד, פּראָדוצירט נאָר 3%. אַמעריקע פּראָדוצירט 32% קופּער, 43% האָלץ; סאָוועטען־פאַרבאַנד נאָר 14%. אַמעריקע פּראָדוצירט 34% קוילען; דער צווייטער גרעסטער פּראָדוצירער — ענגלאַנד — נאָר 19%. אמעריקע פּראָדוצירט 29% אייזען; סאָוועטען־פאַרבאַנד נאָר 11%. אַמעריקע איז באַדעקט מיט אַן אייזענבאַן־נעץ, וואָס באַטרעפט 34%, אין פאַרגלייך מיט 7% אין סאָוועטען־פאַרבאַנד, 5% אין דייטשלאַנד, 3% אין ענגלאַנד, 4% אין פראַנקרייך, 2% אין איטאַליע, און 2% אין יאַפּאַן. אַמעריקע פּראָדוצירט 35% פון עלעקטרישע קראַפט, אין פאַרגלייך מיט 10% אין סאָוועטען־פאַרבאַנד, 7% אין ענגלאַנד, 11% אין דייטשלאַנד, 4% אין פראַנקרייך, 4% אין איטאַליע און 6% אין יאַפּאַן.

---

אַמעריקע איז א רייך לאַנד. און אין דער דאָזיגער רייכסטער לאַנד אין דער וועלט הערשט אַן אָרימקייט, וואָס איז אומבאַשרייבליך. די „אַמעריקען אַסאָסיאיישאַן אָוו סאָשיעל וואָירקערס" האָט נאָר וואָס פאַרעפענטליכט א באַריכט באַגרינדעט אויף אַן אויספאָרשונג פון 35 שטאַטען.

אין יאַנואַר, 1939, ניט קוקענדיג אויף דער פאַרקלענערונג פון די אַלגעמיינע אויסגאַבען אויף רעליעף אין פאַרגלייך מיט נאָוועמבער, 1938, צוליב דער איינשרענקונג פון דער „דאַבליו פּי איי", זיינען נאָך אלץ פאַרבליבען מער ווי זיבען מיליאָן פאַמיליעס אויף רעליעף — אַן ערך 23 מיליאָן מענשען. דאָס הייסט אָבער דורכאויס ניט אַז אַלע אַרבייטסלאָזע אין לאַנד זיינען כאָטש באַזאָרגט מיט מאָגערער רעליעף. גראָד פאַרקערט, אין דער צייט וואָס די צאָל מענשען וואָס זיינען געצוואונגען אָנצוקומען צו רעליעף האָט זיך פאַרגרעסערט צוליב דער איינשרענקונג פון דער „דאַבליו פּי איי", אנטזאָגען זיך פילע שטאַטען איינצאָנצען צו אַסיגנירען געלט־פאָנדס פאַר רעליעף. אין יענע שטאַטען איז די אָרעמקייט און דער עלענט פון די ארבייטסלאָזע שטוינענד. די איינציגע הילף פאַר ארבייטסלאָזע פאַמיליעס איז „פּאָופּער־רעליעף". אין געוויסע ערטער, אום צו באַקומען רעליעף, ווערען אַרבייטסלאָזע געצוואונגען אָפּצוגעבען אַן אָרעמקייט־שבועה (פּאָופּער אָוטה). אין אַנדערע ערטער פאַרלירן זיי זייער שטים־רעכט. אין אַזוינע ערטער הערשט אַן אַדמיניסטראַציע פאַר דעם צוועק, וואָס איז געווען איינגעפירט מיט אַ 50 אָדער 100 יאָר צוריק. די רעליעף אדמיניסטראַציע אין געוויסע שטאַטען איז גוואַלטיק פאַרפלאָנטערט. אין מאַנכע ערטער עקזיסטירען ארום 65 פאַרשיידענע רעליעף אַגענטורען. ביזוויליגע באַשלוסען ווערען צוגעטראַכט ביי באַשטימען דאָס רעכט אויף רעליעף אום צו פאַרקלענערן די אַלגעמיינע רעליעף־אויסגאַבען און די אינדיווידועלע אויסצאָלונגען. אָפט מאָל איז גענוג איינער אין א פאַמיליע זאָל אַרבייטען אום אַרונטערגענומען צו ווערען פון רעליעף. אין פילע ערטער ווערט רעליעף אויסגעצאָלט צו ארבייטסלאָזע און זייערע פאַמיליעס נאָר אין דער פאָרם פון צייטווייליגער הילף אין א צייט פון אַן ערנסטער קראַנקהייט אָדער אין אַנדערע ענליכע דרינגענדע פאַלען. אין אַלגעמיין פילט זיך אין דעם גרעסטען טייל פון לאַנד א גוואַלטיקער דוחק אין רעליעף פאָנדען. דער אונטערשייד אין רעליעף אויסצאָלונגען אין פאַרשיידענע שטאַטען איז דורכשניטליך אַזוי גרויס ווי פון 2 דאָלער מיט 91 סענט אַ מאָנאַט פאַר א פאַמיליע אין איין שטאַט און 38 דאָלער אין אַן אַנדער שטאַט. א באַריכט פון איין שטאַט דערציילט, אז רעליעף אין דער פאָרם פון שפּייז וואָס ווערט ארויסגעגעבען אין דעם דאָזיגען שטאַט איז ניט מער ווי 20 פּראָצענט פון דעם מינימום סטאַנדאַרד שפּייז־בודזשעט, וואָס איז פאַרגעשריבען פון דעם אַגריקולטור דעפּאַרטמענט. מען דאַרף האָבן אין זינען ווי גוואַלטיג קאַרג דער דאָזיגער מינימום סטאַנדאַרד שפּייז־בודזשעט איז, אום צו פאַרשטיין די ממשות'דיקע באַדייטונג פון א שפּייזרעליעף, וואָס איז נאָך מיט 20 פּראָצענט נידעריגער פון אַזאַ סטאַנדאַרד־בודזשעט. דער שרעק ארויסגעוואָרפען צו ווערען אויפ'ן גאַס הענגט שטענדיג איבער'ן קאָפּ פון פאַמיליעס, וועלכע וואוינען אין ערטער, וואו רעליעף פאַר רענט איז פאַרבאָטען, איידער אַן ארבייטסלאָזע פאַמיליע איז שוין ארויסגעזעצט אויפ'ן גאַס.

מענשען, וועלכע לעבען אין אַזוינע באַדינגונגען, מענשען וועלכע זיינען אָפּהענגיג פון אַזאַ אומבאַשטימטער און אומבאַשטענדיגער הילף, מענשען וועלכע ווייסען ניט וואו זיי וועלען מאָרגען א קאָפּ אָנשפּאַרען, שטעלען מיט זיך באמת פאָר אַן אייגנאַרטיקן טיפּ פון „אַמעריקאַנער פליכטלינגע".

---

ווען איר אָבער זאָגען, די אָרעמקייט איז טאַקע גרויס, אָבער מען קאָן זיך ניט העלפען. דאָס איז אַן אומפאַרמיידליכער רעזולטאַט פון געוויסע אלגעמיינע באַדינגונגען, קריזיס, דעפּרעסיע. דער עיקר — די טרויעריגע לאַגע פון ביזנעס. לייענען מיר דאָך טאָג־טעגליך עדיטאָריעלס, באַריכטען, רעדעס, אינטערוויוס, אז ביזנעס איז נעבאָך זייער געשלאָגען. ביזנעס מאַכט ניט קיין פּראָפיטען — און האַלט זיך דערפאַר אָפּ פון אינוועסטירען. גוואַלטיגע קאַפּיטאַלען ליגען ליידיג, אומבאַנוצט. און אויב עס געלינגט שוין ווי עס איז צו מאַכן א כשר'ע פּאָר סענט, קומט די רעגירונג און באַראַבעוועט די גאַנצע שווער דערוואָרבענע פּראָצע מיט אומדער-

און אזוי קען עס אויך טרעפען מיט די מייסטע אַנדערע יוניאַנס פון דער אַמעריקען פעדעריישאַן אָוו לעיבאָר.



פּרעזידענט רוזוועלט האָט מיט אייניגע וואָכען צוריק געפרעגט אַזאַ פראַגע: עס זיינען פאַראַן אין אַמעריקע ארבייטסלאָזע ארבייטער, עס זיינען פאַראַן אַרבייטסלאָזע מאַשינען און עס איז פאַראַן ארבייטסלאָזער קאַפּיטאַל. טאָ פאַרוואָס זאָל מען זיי ניט קענען צונויפּברענגען און זיי זאָלען אָנפאַנגען ארבייטען?

עס איז אַ האַרבע פראַגע. ארום עלף מיליאָן ארבייטער גייען ארום ליידיג. וועמענס שולד איז דאָס? עס זיינען פאַראַן גענוג פאַבריקען און מאַשינען פאַר די ארבייטסלאָזע ארבייטער און עס איז אויך פאַראַן גענוג געלד צו באַטרייבען די פאַבריקען און די מאַשינען, טאָ פאַרוואָס קען מען ניט צונויפפירען אָט די ארבייטסלאָזע ארבייטער מיט די ארבייטסלאָזע מאַשינען און דעם ארבייטסלאָזען קאַפּיטאַל, אז זיי זאָלען אָנפאַנגען ארבייטען?

אין די ערשטע יאָרען פון קריזיס איז געווען א צרה, וואָס אונטערנעמער, וועלכע האָבען עפּעס געוואָלט טאָן, האָבען ניט געקענט קריגען קיין קרעדיט. די באַנקען זיינען געווען אין אַ שלעכטען פינאַנציעלען צושטאַנד און דערצו שטאַרק איינגעשראָקען פון דער גרויסער צאָל באַנקראָטען. און ווען אינדוסטריעלע אונטערנעמער און געשעפטסלייט קענען ניט קריגען קיין קרעדיט, איז אינדוסטריע און געשעפט אויף צרות. איצט אָבער איז עס אַנדערש. עס איז פאַראַן אַ סך געלד אין די באַנקען, שוין צופיל געלד. מערערע שפּאַר־באַנקען באַשרענקען די סומען, וואָס זיי נעמען אָן פון זייערע דעפּאָזיטאָרס, ווייל זיי האָבען ניט וואָס צו טאָן מיט די גרויסע סומען געלד, וואָס האָבען זיך ביי זיי אָנגעזאַמעלט. עס געפינען זיך אויך גרויסע סומען געלד ביי די פאַרזיכערונגס־קאָמפּאַניעס, וואָס ווערען ניט באַנוצט. עס איז אויך אַזאַ אופן פאַראַן גענוג געלד פאַר קרעדיט, אָבער עס זיינען ניטאָ די געווינשטע קונדען, וואָס זאָלען זיך מיט דעם אָנגעבאָטענעם קרעדיט וועלען באַנוצען.

די צייטווייליגע קאָמיטע פאַר נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע, פון וועלכער סענאַטאָר דזשאָוזעף אָ'מעהאָני איז דער פאָרזיצענדער, האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו געפינען אַן ענטפער אויף פּרעזידענט רוזוועלט'ס פראַגע. זי האָט שוין אָפּגעהאַלטן פאַרהערען וועגען אָט דער פראַגע, אָדער ריכטיגער „פאָרומס", אין וועלכע עס האָבען אָנטייל גענומען גאַנץ פּראָמינענטע אינדוסטריאַליסטען און עקאָנאָמיסטען, אָבער פאַרלויפיג האָט מען נאָך אלץ ניט געפונען דעם וועג ווי אזוי מען קען צונויפפירען די דערמאָנטע דריי ליידיג־גייער, אז זיי זאָלען קענען אָנפאַנגען ארבייטען.

אַלע, וואָס האָבען געהאַט אַ געלעגענהייט צו ריידען פאַר דער דערמאָנטער קאָמיטע האָבען איינגעשטימט, אַז כדי צו פאַרטרייבען דעם קריזיס פון לאַנד מוזען די אינדוסטריעס, וואָס שאַפען די מער דויערענדע פּראָדוקטען, אָדער ווי מען רופט עס אויך „קאַפּיטאַלע פּראָדוקטען", ווי מאַשינען, אַפּאַראַטען, הייזער א. אַז. וו. ווערען מער אַקטיוו. דאָס זיינען אינדוסטריעס, וואָס האָבען נייטיג גרויסע קאַפּיטאַלען און וואָס באַשעפטיגען אַ סך מענשען, ווען זיי זיינען טעטיג. אָט ווען די דאָזיגע אינדוסטריעס זאָלען זיך נעמען צו דער ארבייט, וואָלטען זיי קענען פאַרברויכען די גרויסע סומען ליידיגע געלד, וואָס געפינען זיך אין די שפּאַר־באַנקען, און אין די פאַרזיכערונגס־קאָמפּאַניעס און זיי וואָלטען געגעבען באַשעפטיגונג צו א גרויסער צאָל פון דער ארמיי פון די ארבייטסלאָזע.

די עקספּערטען וואָס זיינען אויפגעטראָטען פאַר דער קאָמיטע האָבען מיט ציפער און מיט גראַפישע קאַרטען באַוויזען פון דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיק, אז ווען די אינדוסטריעס, וואָס שאַפען דויערענדע פּראָדוקטען ווערען ווייניגער טעטיג, פאַלט גלייך די נאַציאָנאַלע הכנסה און עס פאַרקלענערט זיך דער פאַרקויף פון געברויכס־אַרטיקלען. עס מיינט, אז עס פאַלט די קויפקראַפט פון פאָלק.

נאָר וואָס זאָל מען טאָן, ווען די פּריוואַטע אונטערנעמער פון די דערמאָנטע אינדוסטריעס ווילען ניט אַריינלייגען אין זיי נייע קאַפּיטאַלען און פאַרגרעסערען זיי? זאָל מען וואַרטען ביז זיי וועלען קריגען דעם חשק, אָדער זאָל די רעגירונג זיך פאַרנעמען מיט די אינדוסטריעס פון דויערענדע פּראָדוקטען, כדי צו דערוועקען א חשק ביי די פּריוואַטע אונטערנעמער?

פאַרלויפיג האַלט מען עס נאָך אין דעבאַטירען און ווען די דעבאַטע וועט זיך ענדיגען וועט מען פון איר אפשר וואָס קענען לערנען, ווייל די דעבאַטאַנטען זאָגען, אַז עס איז אַ פראַגע וואָס איז פאַרבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון דער דעמאָקראַטישער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

טרעגליכע טעקסעס. ביזנעס האט ניט קיין צוטרויען, — אט וואו עס ליגט די גאנצע צרה. דער דאזיקער מאטיוו — ביזנעס האט ניט קיין צוטרוי — ווערט באזונגען אין די פארשיידנסטע וואריאציעס — פון די גרעסטע ביזנעס־אויטאריטעטען, פון א צאל פאכלייט־ספעציאליסטען און אפילו פון געוויסע טעארעטיקער־עקאנאמיסטען.

מעגליך אז ביזנעס האט ניט קיין צוטרוי. עס איז אבער באשיינפערליך קלאר, אז ביזנעס באגייט זיך זייער פיין אהן צוטרוי, זייענדיג מער צופרידען מיט גוטע און גרויסע ממשות'דיגע פראפיטען. ווארים דער גאנצער גוואלט, אז ביזנעס מאכט ניט קיין פראפיטען איז דאך אן אויסגעטראכטע מעשה. דער מאי־בולעטין פון דער „נעשאנעל סיטי באנק" ווייזט אן, אז 305 וויכטיגסטע אינדוסטריעלע קארפאראציעס האבען אין ערשטען פערטעל פון היינטיגען יאר געמאכט ריינעם פראפיט 206 מיליאן דאלער — נאך אמאל אזוי פיל ווי אין דעם ערשטען פערטעל פון יאר 1938, ווען זייערע פראפיטען זיינען געווען 94 מיליאן דאלער. דאס מערקווירדיגסטע דערביי איז, אז אום צו העכערען די דאזיקע פראפיטען אויף גאנצע 120 פראצענט, איז געווען גענוג, אז די אינדוסטריעלע פראדוקציע זאל שטייגען פאר דער זעלבער צייט אינגאנצען אויף קנאפע 20 פראצענט. דער „פעדעראל רעזירוו אינדעקס" פאר אינדוסטריעלער פראדוקציע פאר דעם ערשטען פערטעל פון דעם היינטיגען יאר איז 99.0 אין פארגלייך מיט 79.3 פאר דעם ערשטען פערטעל פון דעם פארגאנגענעם יאר — נאר מיט 20.6 פראצענט מער. אין איינצעלנע אינדוסטריען איז די העכערונג פון פראפיטען פיל מער, ווי הונדערט פראצענט. אזוי למשל, אין דער אויטאמאבילן־אינדוסטריע. די „דזשענעראל מאטארס" האט פאר דעם ערשטען פערטעל פון היינטיגען יאר פארקויפט מיט קנאפע 47 פראצענט מער אויטאמאבילען ווי אין דעם ערשטען פערטעל פאראיארען. אירע פראפיטען זיינען אבער געשטיגען מיט אן ערך 910 פראצענט — דערגרייכענדיג 65 מיליאן דאלער אנשטאט 7 מיליאן דאלער פאראיארען. די פראפיטען אין דער שטאל־אינדוסטריע זיינען געווען 12 און א האלב מיליאן דאלער אנשטאט 2 מיט א פערטעל מיליאן דאלער. די 11 וויכטיגסטע אייזענבאנען האבען ארויסגענומען 4 און א האלב מיליאן דאלער, אנשטאט 7 מיליאן פארלוסט פאראיארען. די פולמאנס — ארום 2 מיליאן דאלער, אנשטאט 34 טויזענד דאלער, א העכערונג אין אן ערך 34 מאל. „אנאקאנדא קופער" — ארום 4 מיליאן דאלער, אנשטאט איבער 2 מיליאן. „מאנטגאמערי'ס מעיל ארדערס" — העכער 100 מיליאן אין פארגלייך מיט 90 מיליאן. דאס זעלבע „יוטיליטיס", כעמישע און שפייז אינדוסטריען, עלעקטרישע און בוימאטריאלען. אלע ווייזען העכערע פראפיטען.

יא, אמעריקע איז א רייך לאנד. וו. ס. גיפארד, דער לייטער פון דער „אמעריקען טעל. ענד טעל." באקומט א געהאלט פון ארום 200 טויזענד דאלער א יאר. דאס זעלבע ראבערט ס. סטאלני, דער פארזיצער פון דעם באארד פון דער „אינטערנעשאנאל ניקעל או קאנאדא". דאס זעלבע וויליאם ס. נודסען און אלפרעד פ. סלאון פון דער „דזשענעראל מאטארס".

די גרעסטע צאל אמעריקאנער אינדוסטריען זיינען ווייט ניט אויפ'ן שוועל פון באנקראט, ווי דאס קאן זיך באקומען דער איינדרוק לייענענדיג צייטונגס־באריכטען און געוויסע עדיטאריעלס. עס איז אויך מער ווי קלאר, אז א סך פון אונזערע גרויסע קארפאריישאנס זיינען ווייט פון צו זיין פילאנטראפישע אינסטיטוציעס.

---

אויב איר ווילט וויסען ווער עס איז באמת רייך אין אמעריקע, דארפט איר ארייננקוקען אין די לעצטע באריכטען פון אונזער „טרעזשורי דעפארטמענט". 209 אמעריקאנער האבען אין יאר 1937 אויסגעצאלט „אינקאם טעקס" פון 500 טויזענט דאלער ביז 5 מיליאן דאלער. פון זיי האבען 55 אנגעגעבען אן איינקונפט פון 750 טויזענד דאלער ביז 1 מיליאן דאלער יערליך. 29 האבען אנגעגעבען אן איינקונפט פון 1 מיליאן דאלער ביז אנדערטהאלבען מיליאן; 5 פון אנדערטהאלבען ביז 2 מיליאן; 12 — פון 2 ביז 3 מיליאן; 1 — פון 3 ביז 4 מיליאן; 1 — פון 4 ביז 5 מיליאן; און 1 — אן איינקונפט איבער 5 מיליאן דאלער א יאר. א קליינע גרופע פון 49 פערזאנען האט אין איין יאר געהאט אן איינקונפט העכער ווי 1 ביליאן דאלער.

ווי אזוי דער רייכטום פון אמעריקע קאנצענטרירט זיך אין די הענט פון א קליינער גרופע קארפאראציעס באווייזען די נאר וואס פארעפענטליכטע ציפערן אין דעם זשורנאל „פעקטס פאר פארמערס". לויט די באריכטען פון אונזער „טרעזשורי דעפארטמענט" ווייזט זיך ארויס, אז 200 גרויסע קארפאריישאנס, וועלכע שטעלן מיט זיך פאר ווייניגער ווי א זיבען־הונדערטעל פון 1 פראצענט פון דער גאנצער צאל קארפאריישאנס אין לאנד, קאנטראלירען מער ווי א העלפט פון דעם גאנצען רייכטום אין אמעריקע.

דער קאפיטאל פון די דאזיגע 200 קארפאראציעס האט אין יאר 1909 באטראפען ארום 26 ביליאן דאלער, אין יאר 1919 — ארום 44 ביליאן, אין 1929 — ארום 81 ביליאן און אין יאר 1937 — רונדע 122 ביליאן דאלער.

אין יאר 1929 האט זייער קאפיטאל באטראפען כמעט 38 פראצענט פון דעם גאנצען קאפיטאל פון אלע קארפאראציעס אין לאנד. דאס איבעריגע איז געווען אין די הענד פון מער ווי 300,000 קליינע קאמפאניעס. איצט קאנטראלירען זיי מער ווי א העלפט פון דעם דאזיגען קאפיטאל. עס איז דערצו אויסערגעווינלאך וויכטיק און אינטערעסאנט צו אונטערשטרייכען אז די דערמאנטע 200 קארפאראציעס געפינען זיך פאקטיש אין די הענט פון א קליין הייפל באנקירן. דער מעכטיגסטער צווישען זיי איז דזש. פ. מארגאן ענד קא. עס איז איבעריג אנצואווייזען, וואס פאר א מעכטיגען פאליטישען איינפלוס די דאזיגע קליינע גרופע באנקירען באזיצט. דאס, אגב, איז א גוטער באוויז, אז ניט קוקנדיג אויף דעם גאנצען טומעל פון אומדערטרעגליך הויכע טעקסעס, זיינען זיי נאך אלץ ווייט נידעריגער ווי דער גוואלטיגער וואוקס פון רייכטום און זיין קאנצענטראציע אין די הענט פון א קליינער גרופע באנקירען.

ווי אזוי איז אזא גוואלטיגע קאנצענטראציע מעגליך? מיר וועלען געבען נאר איין ביישפיל פון דער זעלבער מארגאן פירמע. פערדינאנד פעקארא, אין זיין בוך „וואל סטריט אנדער אוט", ווייזט אויף אז עס איז פאלש צו דענקען, דאס די וואל סטריט מעטאדען האבען אינגאנצען אויפגעהערט מיט דער גרינדונג פון דער „סעקיוריטיס ענד עקסטשיידזש קאמישאן". מיר ברענגען נאר איין פאקט פון דער גרויסער צאל אויפדעקונגען וואס ער מאכט. די „יונייטעד קארפאריישאנס", וואס פראדוצירט 38 פראצענט פון דעם עלעקטרישען געברויך אין 12 שטאטען איסט פון מיסיסיפי און 20 פראצענט פון דעם עלעקטרישען געברויך איבער'ן גאנצען לאנד, ווערט פאקטיש קאנטראלירט פון מארגאנ'ס באנק. דערפאר האט מארגאן געהאט א מעגליכקייט צו קויפען „סטאק" פון דער דאזיגער קארפאראציע — אידער זיי ווערען פארקויפט צום אלגעמיינעם פובליקום — פאר דעם פרייז פון 22 דאלער מיט 50 סענט א שער. אין איינגע חדשים זיינען זיי געשטיגען ביז 70 דאלער, און מארגאן האט דערביי פארדינט איבער 122 מיליאן דאלער.

אזוינע ביישפילען קאן מען ברענגען א סך. פאקטיש אילוסטרירען זיי פשוט די געוויינליכע טאג־טעגליכע פראקטיק פון דער קליינער גרופע אמעריקאנער באנקירן, וועלכע זיינען די אמת'ע באלעבאטים פון דעם גאנצען רייכטום אין לאנד. דאס איז דער אופן, אויף וועלכען א קליין הייפל באנקירן־פינאנסיסטן קאנטראלירט און פארגרעסערט מיט יעדען טאג זייער רייכטום אויפ'ן חשבון פון דער אמעריקאנער באפעלקערונג. פאר דעם זעצט מען ניט אין געפענגעניש. דאס ווערט אנערקענט ווי כשר־דערווארבענע פראצע — אינגאנצען אין די ראמען פון געזעץ. פאר דעם ווערט צוגעטיילט דער גרעסטער כבוד. אמת, דער „אטורני דזשענעראל" טהארמאן ארנאלד האט אפילו דערקלערט אז ער קלייבט זיך אנצופירען א ריי פראצעסען קעגען א צאל וויכטיקסטע קארפאראציעס. אבער דערווייל, ביז וואס וועןקאן מען נאך מאכען גאר ניט קיין שלעכטע געשעפטען. עס איז אויך אמת, אז עס איז געשאפען א ספעציעלע „צייטווייליקע נאציאנאל עקאנאמישע קאמיטע", וואס איז מער באקאנט אונטער דעם נאמען „קאמיטע אויף אויסצופארשען די אקטיוויטעט פון די מאנאפאליעס", וואס דארף זיך מיט דעם דאזיגען ענין פארנעמען. פרעזידענט רוזוועלט האט טאקע געבעטען דערלייגען נאך 600 טויזענט דאלער די קאמיטע זאל קאנען ווייטער אנגיין מיט איר ארבייט. מען קאן אבער ניט דערווארטען וועלכע ניט איז קאנקרעטע רעזולטאטען אין דער דאזיגער ריכטונג — פון דער איצטיגער סעסיע פון קאנגרעס גאנץ זיכער ניט. ביזנעס דערקלערט אפען, אז זי האט פאר דעם קיין מורא ניט.

---

אינטערעסאנטער און פיל וויכטיגער פון א געוויסען שטאנדפונקט איז אבער פאר אונז די פראגע ווי אזוי פראפיטען — און גוואלטיג גרויסע פראפיטען, ווערען געשאפען אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען — אין דעם פראצעס פון אינדוסטריעלער פראדוקציע. למשל, מיר האבען פריער אנגעוויזען אזוינע פראפיטען, ווי 910 פראצענט אין דער פירמע „דזשענעראל מאטארס". און די אויטאמאבילען־אינדוסטריע איז ניט די איינציקע אין דער דאזיגער הינזיכט. אנדערע אינדוסטריען שטייען אויך ניט אפ אין העכערען די גרויס פון זייערע פראפיטען. ווי אזוי איז דאס מעגליך? אין דעם ערשטען פערטעל פון היינטיגען יאר האבען מיר בייגעוואוינט א העכערונג פון 20 פראצענט אין דער אינדוסטריעלער פראדוקציע. פאר דער דאזיגער העכערונג פון דער אינדוסטריעלער פראדוקציע האט זיך אבער ניט געפאדערט קיין גרעסערע צאל ארבייטער אום צו פראדוצירען דעם העכערען סכום. דער אינדעקס פאר „פעקטארי עמפלאימענט" פאר דעם ערשטען פערטעל האט זיך כמעט ניט פארגרעסערט — פון ארום 89 ביז ארום 91. דער אינדעקס פון „פעי־ראלס" האט זיך פארגרעסערט אויף קנאפע 9 פראצענט — פון 76.3 ביז 85. דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז מען האט געקאנט פראדוצירען מיט דער זעלבער כמעט צאל ארבייטער — 20 פראצענט מער פראדוקציע. לויט אן אינדעקס פון דעם „נעשאנעל אינדוסטריעל קאנפערענס באארד" האט אין 15 חודש מערץ א פאבריק־ארבייטער ארויסגעגעבען מיט פראצענט מער פראדוקציע ווי אין מערץ 1938 — און מיט 26 פראצענט מער ווי אין יאר 1929. פון דער אנדער זייט זיינען די פרייזען ניט געפאלען אין דער זעלבער פראפארציע, ווי דאס שטייגען פון דער ארבייט־פראדוקטיוויטעט. דער פעדעראל רעזורוו אינדעקס פאר די פרייזען פון די וויכטיגסטע אינדוסטריעלע ארטיקלען איז געווען — 91.6 אין 1929, 85.3 אין 1937, 82.6 אין מערץ 1938 און 80.4 אין מערץ 1939.

דער אויספיר פון דעם איז, אז דער גוואלטיגער טעכנישער פראגרעס, וועלכען מיר האבען בייגעוואוינט אין משך פון די לעצטע 10 יאר — א טעכנישער פראגרעס, וואס צו אים איז ניטא קיין גלייכען ביז איצט אין דער גאנצער געשיכטע — האט פאראורזאכט פון איין זייט א גוואלטיגע און כראנישע ארבייטסלאזיגקייט, וואס צווינגט 23 מיליאן אמעריקאנער צו לעבען אויף רעליף, און פון דער אנדער זייט, קאלאסאלע פראפיטען פאר א הייפעל אמעריקאנער באנקירען.

---

# אין פרעמדען שאפ

פון נחמיה קליין

לאנג טראג איך ארום מיינע כוחות צו פארדינגען,
אין פארמאכטע טירען קלאפ איך און איך קלאפ;
פאסירט אמאל מיט מיר א נס פון הימעל —
איך קריג א שטיקעל מקום אין א שאפ.

א פרעמדער שטיי איך צווישען פנימער אומפריינטליכע...
איך פיל א קעלט פון די טרויער־גרויע ווענט;
עס פאלען אויף מיין קאפ הערטער אייזיקע,
און ביטערע בליקען בריען מיינע הענט...

עס ציטערן מיר די פינגער ווי ביי א גנבה,
עס האמערט אין מיין הארצען שווער די שרעק;
דער באס, ער ציילט די יארען אין מיין שטערען,
און ארבייטער זארגען זיך פאר'ן טיילען טאג אין פלעק...

שלעכט צו פארדינען ביים פרעמדען דעם ביסען ברויט,
ערגער נאך דאס נים־פארגינען פנ'ם ברודער אין נויט...

# די אנטשטייאונג פון טרייד יוניאנס און ארבייטער פארטייען אין אמעריקע

## פון א. יאזעפסאן.

### די „נייטס אוו לייבאר."



י ארבייטער ארגאניזאציע „נאיטס אוו לייבאר" (ריטער פון ארבייט), אדער ווי זי האט געהייסען מיט איר פולען נאמען „דהי נאובעל ארדער אוו דהי נאיטס אוו לייבאר", איז געווען די ערשטע גרויסע ארבייטער ארגאניזאציע אין די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע, וואס האט אין יאר 1886 שוין פארמאגט העכער פון זיבען הונדערט טויזענט יוניאן מיטגלידער.

אבער ניט קוקענדיג דערויף, וואס די „נאיטס אוו לייבאר" האט געשפילט א גרויסע ראלע אין דער היגער טרייד יוניאן באוועגונג און האט פאקטיש אויסגעטראטען דעם וועג און געלייגט דעם גרונטשטיין פאר דער שפעטערדיגער מאסאווער טרייד יוניאן באוועגונג אין די פאראייניגטע שטאטען, דאך קען מען באין אופן ניט באצייכנען די „נאיטס אוו לייבאר" אלס אן אמת'ע טרייד יוניאן ארגאניזאציע, ווי מיר פארשטייען עס אין דעם מאדערנעם זין פון ווארט.

די „נאיטס אוו לייבאר" האט זיך אפיציעל ארגאניזירט אין 1873, אבער פאקטיש איז די ארגאניזאציע געשאפען געווארען אין 1869, אין חודש דעצעמבער, אין דער שטאט פילאדעלפיע.

דער ערשטער ארגאנייזער פון דער „נאיטס אוו לייבאר" איז געווען יוריא סטיווענס, א צושניידער (קאטער) פון מענער קליידער אין פילאדעלפיע, וואס איז געווען א מיטגליד פון דער גארמענט קאטערס יוניאן.

די צושניידער פון קליידער אין פילאדעלפיע האבען געהאט א יוניאן נאך אין 1862, אבער די יוניאן האט ניט געמאכט קיין ערפאלג. האבען דריבער אייניגע מיטגלידער פון דער יוניאן אין 1869, זיבען אין צאל, אונטער דער פירערשאפט פון יוריא סטיווענס. באשלאסען צו ארגאניזירען זיך אין א געהיימען ארדען.

יוריא סטיווענס האט דערקלערט, אז דערמיט וואס מען וועט פארוואנדלען די יוניאן אין א געהיימער געזעלשאפט, וועט עס האבען מעהר צוציהונגס-קראפט פאר די ארבייטער זיך אנצושליסען אן איהר, ווייל אין יענע צייטען האבען א סך ארגאניזאציעס, ספעציעל די אייריש, געפירט זייערע פארזאמלונגען געהיים און דורכגעפירט געוויסע ריטואלען און געהיימע צערעמאניעס ביי זייערע מיטינגען.

פון אנהויב איז די ארגאניזאציע באשטאנען בלויז פון צושניידער און זי האט געהאט צום סוף פון דעם ערשטען יאר פון איר עקזיסטענץ בלויז 69 מיטגלידער.

דער לאקאל פון דער גארמענט קאטערס יוניאן אין פילאדעלפיע, האט פון אנהויב שטארק געקעמפט געגען דער נייער ארגאניזאציע, וואס יוריא סטיווענס האט געגרינדעט און האט פארבאטען אירע מיטגלידער אנצושליסען זיך אן איר. אבער אין פיר יאר שפעטער האט זיך דיזעלביגע יוניאן אלס א גאנצע אנגעשלאסען אין דער געהיימער ארגאניזאציע, וואס האט זיך גערופען: „די אסעמבלי פון פילאדעלפיע".

דעם דריטען מאי, 1873, איז אין דער דעמאלדיגער ארבייטער צייטונג, „דהי ווארקינגמענס אדוואקאט", אפגעדרוקט געווארען א רוף פאר א קאנווענשאן פון אלע יוניאנס, וואו עס זאל געגרינדעט ווערען א צענטראלע קערפערשאפט פון אלע יוניאנס איבערן לאנד.

אין דעם רוף זאגט זיך, אז דער ציל פון דער קאנווענשאן איז פאלגענדער:

„דער קאפיטאליזם האט זיך זעהר גיך און שטארק קאנצענטרירט אין אייניצעלנע הענט; די געזעצען פון לאנד דינען בלויז דעם קאנצענטרירטען קאפיטאל; די פארמערס ווערען שוידערליך עקספלואטירט; די קאפיטאליסטען האבען זיך ארגאניזירט אין מעכטיגע פארבאנדען, בשעת די יוניאנס זיינען אפגעזונדערט איינע פון דער צווייטער און זיינען דעריבער הילפסלאז צו קעמפען געגען דער שטארקער מאכט פון די קאפיטאליסטען. און צוליב דעם וואס די פריערדיגע פארזוכען צו פאראייניגען די יוניאנס אויף א נאציאנאלען שטייגער האבען זיך ניט איינגעגעבען, טאר עס ניט זיין קיין שטערונג פאר א פאראייניגונג פון די יוניאנס איצט און אין דער צוקונפט. די קאנווענשאן דארף אפגעהאלטען ווערען דעם 5טען יולי, 1873, אין קליוולאנד, אהייא סטייט. אלע ארבייטער יוניאנס, קאאפערטיווען און אנדערע ענליכע ארגאניזאציעס זיינען געלאדען צו שיקען דעלעגאטען. און מיר פון אונזער זייט זאגען צו, אז ווען די ארגאניזאציע וועט זיך אוועקשטעלען אויף א געזונטען באדען וועלען מיר טאן אלץ אין אונזערע כחות, אז די ארגאניזאציע זאל ניט פארוואנדעלט ווערען אין א פאליטישער פארטיי, אדער ווערען אן עק פון א פאליטישער פארטיי, אדער א פלאץ פאר אויסגעשפילטע פאליטישענס. נאר די ארגאניזאציע זאל זיך שטעלען אלס ציל צו בלייבען אן אינדוסטריעלע ארגאניזאציע, וואס זאל פארזיכערען די ארבייטער, אז זיי זאלען קענען האבען דעם פולען גענוס פון דאס, וואס זיי שאפען". (זעה „היסטארי אוו לייבאר" פון פראפ. קאמאנס, באנד 2, זייט 157-158).

אונטער דעם רוף זיינען געווען אונטערגעשריבען: וויליאם סאפין, פרעזידענט פון דער מאלדערס אינטערנעשאנאל יוניאן; פעינבאט, פרעזידענט פון די מאשיניסטען און בלעקסמיטס אינטערנעשאנעל יוניאן און פאראן, פרעזידענט פון דער קופער אינטערנעשאנאל יוניאן.

צו דער ערשטער קאנווענשאן פון דער „נאיטס אוו לייבאר" זיינען געקומען 70 דעלעגאטען פון זעקס נאציאנאלע טרייד יוניאן ארגאניזאציעס. ליידער ווערט ניט געזאגט וויפיל יוניאן מיטגלידער די דעלעגאטען האבען רעפרעזענטירט.

עס איז כדאי צו באקענען זיך מיט דער פרינציפען-ערקלערונג וואס איז אנגענומען געווארען אויף דערדאזיגער קאנווענשאן. זי לייענט זיך ווי פאלגט:

„די אלארמירענדע אנטוויקלונג און די אנגרייפען פון די גרויסע קאפיטאליסטען און קארפארעישאנס וועט פירען, — אויב מען וועט עס ניט אפשטעלען, — צו ארימקייט, האפענונגסלאזיגקייט און דערנידערונג פון די ארבייטער מאסען.

„עס איז א פעסטגעשטעלטער פאקט. אויב מיר האבען א באגער צו קריגען עפעס פון לעבען, אזוי מוז געמאכט ווערען א סוף צו די אונגערעכטע אנזאמלונג פון פארמעגענס און ריזיגע רייכטימער.

„דערדאזיגער ציל קען דערגרייכט ווערען בלויז דעמאלט ווען עס וועט געמאכט ווערען א פארזוך פון די יעניגע, וואס פאלגען אויס דעם געבאט: „אין שוויס פון דיין פנים זאלסטו עסען דיין ברויט".

„דעריבער האבען מיר געגרינדעט דעם ארדער פון „נאיטס אוו לייבאר" כדי צו ארגאניזירען און אנפירען מיט די ארבייטער מאסען, ניט אלס א פאליטישע פארטיי. אונזער אידייע דריקט אויס די שטימונגען פון דער גאנצער באפעלקערונג, אבער מען דארף האבען אין זין, אויב די אונטערדריקטע ווילען קריגען גערעכטיגקייט, קען דאס דערגרייכט ווערען בלויז דורך די געזעצגעבענדע אנשטאלטען. עס איז דעריבער די פליכט מיטצוהעלפען און שטיצען מיט אונזערע שטימען אזעלכע פארשטייער, — ניט קוקענדיג צו וואס פאר א פארטיי זיי געהערען, — וואס וועלען צוזאגען צו שטיצען אונזערע פאדערונגען. מיר רופען צו אלע וועלכע גלויבען, אז עס דארף זיין מער זאכען פאר א גרעסערע צאל מענשען, אנצושליסען זיך און אונז מיטהעלפען.

„מיר דערקלערען אפען פאר דער גאנצער וועלט, אז אונזערע צילען זיינען:

„1) אז ניט רייכקייט, נאר די אינדוסטריעלע און מאראלישע ווערטען זאלען זיין די סטאנדארטס מיט וועלכע מען זאל מעסטען די נוצליכקייט, סיי פון דעם איינצעלנעם, סיי פון א פאלק.

„2) צו געבען די ארבייטער דעם פולען גענוס פון דעם פארמעגען וואס זיי באשאפען. די ארבייטער זאלען האבען גענוג פרייע צייט, וואו זיי זאלען קענען אנטוויקלען זייערע אינטעלעקטועלע, מאראלע און סאציאלע פיאיגקייטען און באפרידיגען זייערע באדערפענישען. מיט איין ווארט די ארבייטער זאלען האבען א מעגליכקייט צו נעמען אן אנטייל אין דער מאדערנער ציוויליזירטער וועלט.

„3) צו גרינדען א ביורא פאר ארבייטער סטאטיסטיק כדי מיר זאלען קענען גענוי וויסען די גייסטיגע און פינאנציעלע צושטאנדען פון די ארבייטער מאסען.

„4) אז די פרייע ערד, זאל אוועקגעגעבען ווערען בלויז פאר די וואס ווילען זיך אויף אן אמת באזעצען אויפן לאנד. קיין איין אקער לאנד זאל ניט געגעבען ווערען צו ספעקולאנטען. און די ערד וואס ווערט איצט געהאלטען פון ספעקולאנטען זאל ארויפגעלייגט ווערען א שטייער, וואס זאל זיין אזוי גרויס וויפיל די ערד איז ווערט.

„5) מען זאל ענדערען אלע געזעצען וואו קאפיטאל און ארבייט זיינען ניט גלייך פארן געזעץ. און אויך ענדערען די ניט יושר'דיגע טעכנישע פירונגען, פון די געריכטען, וואס דיסקרימינירען בלויז די געזעצען.

„6) אנצונעמען מיטלען צו פארהיטען דאס געזונט און זיכערקייט פון די וואס ארבייטען אין די מינען, פאבריקען און אין די בילדונגס אינדוסטריען. באלוינען די וועלכע ווערען פארוואונדעט דורך די ניט אנגענומענע פארזיכטס-מיטלען.

„7) צו אנערקענען דורכן געזעץ די יוניאנס, ארדענס און אנדערע פאראיינען, וואס וועלען ארגאניזירט ווערען פון די ארבייטער מאסען צו פארבעסערען זייערע באדינגונגען.

„8) דורכפירען א געזעץ, וואס זאל צווינגען די באסעס צו צאלען זייערע ארבייטער די וועכענטליך מיט אמעריקאנער געלט.

„9) אפצושאפען דעם קאנטראקטינג סיסטעם אין אלע געביטען פון דער אינדוסטריע.

„10) עס זאל דורכגעפירט ווערען א געזעץ וואו די באשלוסען פון דעם בורר (ארביטרייטאר) צווישען ארבייט און קאפיטאל זאל ווערען א געזעץ פאר בידע צדדים.

„11) דורכפירען א געזעץ אז קינדער פאר פופצען יאר אלט זאלען ניט ארבייטען אין קיינע פאבריקען.

„12) עס זאל פארבאטען ווערען צו דינגען ארעסטירטע אלס ארבייטער.

„13) די שטייערן זאלען איינגעפירט ווערען לויט די פארדינסטען און פארמעגענס פון דער באפעלקערונג.

„14) עס זאל איינגעפירט ווערען א נאציאנאלער געלט-סיסטעם און די רעגירונג זאל ניט אנערקענען די געלטער, וואס פריוואטע בענק און קארפארעישאנס לאזען ארויס.

„15) די רעגירונג זאל ניט ארויסגעבען קיינע באנדס, נאוטס און אנדערע ווערט-פאפירען וואס טראגען פראצענטען.

„16) עס זאל פארבאטען ווערען אריינצובריינגען קיין אמעריקע ארבייטער אונטער קאנטראקטען.

„17) דער פאסט אפיס זאל אננעמען דעפאזיטס פון קליינע סומען.

„18) די רעגירונג זאל אפקויפען אלע טעלעגראפען, טעלעפאנען און אייזענבאנען און אז קיין ערלויבעניש זאל מער ניט ארויסגעגעבען ווערען צו פריוואטע פערזאנען אדער קאמפאניעס צו בויען אדער צו פארוואלטען די מיטלען פון פארקער.

„19) צו גרינדען קאאפעראטיווע אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס, וואס זאל פארבייטען דעם איצטיגען סיסטעם אויף אן אינדוסטריעלען קאאפעראטיווען סיסטעם.

„20) די פרויען זאלען קריגען גלייכע שכירות ווי מענער.

„21) צו פארקירצען דעם ארבייטסטאג אויף 8 שעה.

„22) צו צווינגען די באלעבאטים, אז זיי זאלען ארביטרירען וועגען אלע סיכסוכים, וואס קומען פאר צווישען די ארבייטער און באסעס, כדי אויסצומיידען אומנויטיגע סטרייקס".

פון דער דאזיגער פרינציפען דערקלערונג איז קלאר, אז די פאדערונגען פון דער „נאיטס אוו לייבאר" זיינען געווען גאנץ מעסיגע און יעדער ליבעראל האט זיך געקענט מיט בידע הענט אונטערשרייבען אונטער זיי. די מערסטע פון די אויבערדערמאנטע פאדערונגען האט דער אמעריקאנער ארבייטער קלאס שוין לאנג אויסגעקעמפט, אבער אין יענער צייט, ווייזט אויס, האבען זיי געקלונגען גאנץ ראדיקאל.

די „נאיטס אוו לייבאר" האט טאקע נאך דער ערשטער קאנווענשאן פון 1873 גענומען וואקסען און געגאנגען בארג ארויף און אויף דער צווייטער קאנווענשאן

פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" וואָס איז פאָרגעקומען אין אַפּריל, 1874, אין ראָטשעסטער, ניו יאָרק, איז באַריכטעט געוואָרען, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט צוגעקראָגען אַ סך מיטגלידער אָבער ניט גענוג פאַר יענער צייט, ווען די אַרבייטער אין אַמעריקע האָבען דאַן אַרויסגעוויזען אַ גרויסע קאַמפּסלוסטיגקייט און ווערט באַצייכענט אין דער געשיכטע אַלס די מיליטאַנטישע עפּאָכע אין דער היגער אַרבייטער באַוועגונג. ווארים אין 1873 האָט אויסגעבראָכען אַ שטאַרקער קריזיס אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע. די באַזיצערס האָבען, ווי געוויינליך, אויסגענוצט דעם קריזיס אַרונטערצודריקען די לוינען פון די אַרבייטער און כמעט אַלע אַרבייטער פון אַמעריקע האָבען געענטפערט אויף די פאָדערונגען פון די באַלעבאַטים מיט גרויסע סטרייקס און ביטערע קאַמפען, וואָס האָט געקאָסט זעהר פיל אַרבעטער לעבענס.

דער קריזיס וואָס האָט אויסגעבראָכען אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע אין 1873 איז געווען זעהר ענליך צו דעם קריזיס וואָס מיר לעבען איצט דורך. עס ווערט געשאַצט, אַז אַן ערך פון דריי מיליאָן אַרבייטער, דאָס הייסט כמעט אַ דריטעל פון דער גאַנצער אַרבייטענדיגער באַפעלקערונג אין אַמעריקע אין יענער צייט, זיינען געווען אַרבייטסלאָז.

סעמועל גאָמפּערס, דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אַז אין 1874 זיינען אין ניו יאָרק געווען פילע פרייע קיכען, וואו די אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ ביסעל זופּ אָפּצועסען, אַז דעם 13טען יאַנואַר, 1874, האָט אַ קאָמיטעט פון די אַרבייטסלאָזע אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע פון די אַרבייטסלאָזע אויף טאָמפּקינס סקווער. ווען די דעמאָנסטראַציע איז געקומען צום טאָמפּקינס סקווער איז זי באַגעגענט געוואָרען פון דער פּאָליציי מיט קלאָבס, וואָס האָבען געשלאָגען די אַרבייטער אויף רעכטס און לינקס און גאָמפּערס אַליין האָט זיך קוים מיטן לעבען אַרויסגעראַטעוועט פון די פּאָליציייאישע קלעפּ, וואָס האָבען אים שיעור דעם קאָפּ צעשפּאַלטען.

דער קריזיס האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע אין יאָר פון 1877. דער באַקאַנטער סאָציאַליסטישער פירער, מאָריס הילקוויט, באַצייכענט דעם דעמאָלדיגען קריזיס מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„אין די גרויסע אינדוסטריעלע שטעדט זיינען געווען פילע פאַלען וואו מענשען זיינען געשטאָרבען פון הונגער. און ניט בלויז איינצעלנע פּערזאָנען, נאָר גאַנצע פאַמיליעס זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער יעדע וואָך. אין דעם ווינטער פון 1877 זיינען די פּאָליציי סטיישאָנס געווען איבערגעפּאַקט יעדע נאַכט מיט אַ גרויסע צאָל מענשען, וואָס זיינען געקומען מיט זייערע פאַמיליעס זוכען אַ דאַך איבערן קאָפּ, כדי צו באַשיצען זיך פון דער גרויסער קעלט, וואָס האָט געבושעוועט אין גאַס. (זעה: „היסטאָרי אָוו סאָשעליזם אין יונייטעד סטייטס" פון מאָריס הילקוויט, זייט 219).

אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז, אַז גראָד אין דעם גרויסען קריזיס האָבען די אַרבייטער אין אַמעריקע זיך ניט פאַרלאָרען און האָבען געקעמפט מיט ציין און נעגעל אַנצוהאַלטען זייערע אויסגעקעמפטע באַדינגונגען. אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען פון 1877 זיינען געווען קעפּ איבער די צייטונגען „לייבאָר סטרייקס",— די אַרבייטער שלאָגען צוריק.

אָט אַזוי האָבען אין 1877 געסטרייקט די אייזענבאַן אַרבייטער, די קוילען גרעבער, די טעקסטיל אַרבייטער, די אַרבייטער פון די סטאָקיאַרדס און פילע אַנדערע אַרבייטער.

כמעט אַלע היסטאָריקער פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג שטרייכען אונטער, אַז אַ גרויסען חלק אין די דעמאָלסדיגע אַרבייטער קאַמפען האָבען גענומען די אימיגראַנטען רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען אַנטלאָפען קיין אַמעריקע נאָך דעם דורכפאַל פון דער פּאַריזער קאָמונע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין 1871 און אויך די דעמאָלסדיגע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געקומען צום לעבען אין 1877. אָט די רעוואָלוציאָנערען אימיגראַנטען זיינען פּאַקטיש געווען די היידען, וואָס האָט געפירט און געבורעט אין די אַרבייטער רייען. די סאָציאַליסטען האָט מען שטענדיג געטראָפען אין דעם פאָדערגרונט פון אַלע דעמאָנסטראַציעס און אַרבייטער קאַמפען.

די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט אָבער ניט געשפּילט קיין גרויסע ראָליע אין יענע קאַמפען צוליב איר געהיימען צודעק, וואָס האָט געשאַפען אַרום איר משונה'דיגע לעגענדעס און ווילדע קלאַנגען. (די אָרגאַניזאַציע האָט זיך איינגעהילט אין אַזאַ געהיימניס, אַז זי פלעגט אָוועקשטעלען אויף אַלע דאָקומענטען פינף שטערענדלעך). מען האָט געשריבען אין די צייטונגען, אַז די „נאַיטס אָוו לייבאָר" פּלאַנעוועט רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונגען און טראָגט זיך אַרום מיט קרימינעלע אויפרייסונגען.

די פירער פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָבען איינגעזעהען, אַז מיט אַזאַ געהיימניספולען כאַראַקטער קען מען ניט אַריינעמען קיין מאַסען אַרבייטער, האָבען זיי אויף אַ באַראַטונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילאַדעלפיע אין יוני 1878, באַשלאָסען אַראָפּצונעמען דעם געהיימען צודעק און אַנגעפאַנגען אַרבייטען עפענטליך, אָבער מען מוז זאָגען, אַז אינגאַנצען פון דעם אָרדען כאַראַקטער האָט זיך די „נאַיטס אָוו לייבאָר" דאָך ניט באַפרייט. עס איז געבליבען דער ריטואַל ביים אויפנעמען נייע מיטגלידער און פילע אַנדערע צערעמאָניעס.

די „נאַיטס אָוו לייבאָר", האָט נאָכדעם ווי זי האָט גענומען אַרבייטען עפענטליך אַריינגעקראָגען אַ סך מיטגלידער. עס ווערט געשאַצט, אַז אין 1886 האָט די „נאַיטס אָוו לייבאָר" שוין געהאַט נאָהענט פון אַכט הונדערט טויזענט מיטגלידער, אָבער גראָד דעמאָלט, ווען די אָרגאַניזאַציע איז געגאַנגען באַרג אַרויף, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס פאָרם פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז לחלוטין ניט געווען צוגעפּאַסט צו דעם דעמאָלדיגען אויפשטייג פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

די אָרגאַניזאַציאָנס פאָרם פון „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געווען אויף אַ זעהר צענטראַליזירטען אופן. די אַרבייטער זיינען געווען אָרגאַניזירט ניט לויט זייערע פאַכען און אינדוסטריען, נאָר לויט די שטעדט און טעריטאָריעס. די אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַנאַנדערגעטיילט אין „לאָקאַלע אַסעמבליס", אין „דיסטריקט אַסעמבליס" און אין „אַ דזשענעראַל אַסעמבלי". די לעצטע איז געווען די העכסטע קערפּערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע און האָט געהאַט דאָס רעכט זיך אַריינצומישען אין אַלע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון די לאָקאַלע און דיסטריקט אַסעמבליס.

די יוניאָנס פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" זיינען ניט אָרגאַניזירט געווען לויט אינדוסטריען און פאַכען, נאָר מען האָט גענומען אַרבייטער פון פאַרשידענע פאַכען און אינדוסטריען, ווי, למשל, שניידער און שרייבער, שריפטזעצער און מוליאַרעס, אַרטיסטען און האָלץ־העקער און אַלע אַנדערע אַרבייטער פון אַ שטאָדט און אָרגאַניזירט זיי אין אַ „דיסטריקט אַסעמבלי" וואָס האָט געדאַרפט אַנטשיידען וועגען אַלע וויכטיגע פראַגען, ווי סטרייקס און אַגרימענטס, וואָס האָט געהאַט צו טאָן בלויז מיט אַ טייל אַרבייטער פון אַ באַשטימטען פאַך. עס פלעגט דעריבער אָפט אויסקומען, אַז די שניידער פלעגען דאַרפען באַשטימען דעם גורל פון די שריפטזעצער, וועגען וועלכע זיי האָבען געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע ידיעה, אָדער האָבען אין גאַנצען ניט געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר אין דעם שריפטזעצער פאַך. — דאָס האָט אָפטמאָל געפירט צו רייבונגען און אַרויסגערופען אונצופרידענהייט צווישען די אַרבייטער.

און כאָטש די מאָטאָ פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" — „איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם" און אַז אַרבייטער אָרגאַניזאַציע מוז געפירט ווערען אויף אַ צענטראַליזירטען אופן זיינען אין גרונט גענומען, גאַנץ פּראָגרעסיוו, באַווייזט אָבער אַן איבעריגעס מאָל, אַז יעדער פּרינציפּ אויב מען טרייבט אים צו ווייט ווערט ער אַמאָל שעדליך און איז אַ שטערונג פאַר דער אמת'ער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג.

אַ חוץ דעם האָט דער „גרענד מאַסטער וואָרקמען" פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" געהאַט אַ גרויסע מאַכט ווען עס איז געקומען צו אַנטשיידען געוויסע וויכטיגע פראַגען, ווי דאָס איז דער פאַל אין אַלע שטאַרק צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציעס. און אויב דער פירער פון דער צענטראַליזירטער אָרגאַניזאַציע איז ניט קיין פאַסיגער מענטש און נוצט אויס די אָרגאַניזאַציע פאַר זיינע פּערזענליכע צוועקען, ווערט אָפטמאָל די אָרגאַניזאַציע אינגאַנצען צובראָכען. אין דער פירערשאַפט פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט זיך טאַקע אַריינגעכאַפּט איינער אַ טערענס פּאַודערלי, וואָס האָט געהאַלטען די לייצעס פון דער אָרגאַניזאַציע פעסט אין זיינע הענט און איז געווען אַן איינגע'עקשנ'טער, קאָנסערוואַטיווער פירער און ער האָט געבראַכט דערצו, אַז די „נאַיטס אָוו לייבאָר" זאָל זיך מיט אימפּעט קייקלען באַרג אַראָפּ.

אין קורצען קען מען זאָגען, אַז די סיבות פאַרוואָס די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז אונטערגעגאַנגען זיינען פאָלגענדע: ערשטענס, איז די שטאַרק צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציאָנס פאָרמען פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער דעמאָלדיגער גרויסער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, וואָס האָט זיך אַנגעפאַנגען אין אַמעריקע; צווייטענס, איז די פירערשאַפט פון דער „נאַיטס אָוו לייבאָר" ניט געשטאַנען אויף דער געהעריגער הויך פון אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציע; דריטענס, האָט די „נאַיטס אָוו לייבאָר" ניט אָנגעפירט קיינע קאַמפען צו געווינען אַפילו די מעסיגע פאָדערונגען, וואָס זי האָט אַריינגעשטעלט אין איר פּראָגראַם; פערטענס, איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרען אַ נייע אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופען די „פעדערעישאָן אָוו אָרגאַנייזד טריידס ענד לייבאָר יוניאָנס אָוו דהי יונייטעד סטייטס ענד קענעדע" וועלכע האָט שפּעטער אָנגענומען דעם נאָמען „אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לייבאָר" און די נייע אָרגאַניזאַציע האָט זיך בעסער צוגעפּאַסט צו דער דעמאָלדיגער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג און איז אויך געווען מיליטאַנטישער ווי די „נאַיטס אָוו לייבאָר".

דערביי איז כדאי צו באַמערקען, אַז די קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק זיינען צום ערשטען מאָל אָרגאַניזירט געוואָרען פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר". אין די פאַרשידענע קאַמפען וואָס די קלאָוקמאַכער האָבען געפירט האָבען זיי אָפטמאָל געהאַט די שטיצע פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", אָבער עס האָט דאָך ניט עקזיסטירט קיין שטענדיגע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג צווישען די קלאָוקמאַכער און די „נאַיטס אָוו לייבאָר". די סיבה, זאָגט מען, איז געווען דערפאַר ווייל די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז, אין די ערשטע יאָרען, ניט געווען קיין שטענדיגע אָרגאַניזאַציע, נאָר יעדען אַרבייטס־סעזאָן האָט מען אָרגאַניזירט אַ נייע קלאָוקמאַכער יוניאָן.

אָבער אין יאָר פון 1886, האָבען זיך די קלאָוקמאַכער אָרגאַניזירט אין אַן אומאָפּהענגיגע קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן, וואָס האָט אויסדריקליך זיך אָפּגעזאָגט צו געהערען צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר".

# פאַבעל

פון נחום יוד

## דער הונט און דער פוקס

דער הונט געפרעגט האָט ביי דעם פוקס מיט גרויס פאַרדראָס:

„פאַר וואָס
האַלט שטענדיק זיך דער וואָלף מיט מיר פון ווייטען,
און טרעפען מיר זיך ווען עס איז —
באַלד נעמט ער שטעלן פיס,
און וויל מיט מיר קיין וואָרט אַפילו ניט צעבייטען...
מיר זיינען דאָך נאָך קרובים גאָר פון אַלטע צייטען!
און שרעקט ער זיך, דער וואָלף, פאַר מיינע ציין,
באַדאַרף ער וויסען זיין און פילען,
אַז איך, גראָד, האָב צו אים די האַרציגסטע געפילען"...
— „מיין פריינד, — האָט אים דער פוקס געגעבען צו פאַרשטיין, —
דער וואָלף האָט מורא ווייניג־וואָס פאַר דיר אַליין —
נאָר גלאַט, ער האָט ניט ליב דיין בילען".

# אין איינעם אַ טאָג

(דערציילונג)

**פון ברוך גלאַזמאַן.**



עגינאַ, דאָס דין־פּיסיגע פערצען־יאָריגע מיידעל, איז געלאָפען איבער קאָני־איילאַנד עוועניו אָן אָטעם.

אינ׳ם כמורנעם פראָסטיגען ווינטער־טאָג האָט פונם נאָהענטען אָקעאַן געבלאָזען אַ שטורעם־ווינט, אַ שטורעם־ווינט פון פערציג מייל אַ שעה. אזוי האָבען געשריבען די צייטונגען אויף מאָרגען. רעגינאַ אָבער האָט עס געוואוסט נאָך היינט... איר דינע באַוועלנע קליידעל האָט געפלאַטערט אין אַלע זייטען, ווי אַן אָרימע צוריסענע פאָן. אירע דינע פיס פלעגען אַלע ווײלע דורכ׳ן נאָכאַנאַנד־אָנהאַלטענדיגען שטורעם־ווינט אָפּגעדעקט ווערען ביז איבער די „בייגעל", מיט וועלכע די זאָקען האָבען זיך ביי איר פאַרענדיגט העכער פון די קני. אין די זאָקען האָבען זיך געפונען לעכער, גרויס ווי אַ קוואָדער.

פון דער וועסט פערצענטער גאַס, אַוואו די וועדרינס — רעגינאַ׳ס עלטערען — האָבען געוואוינט, איז זי גיכער געלאָפען, איידער געגאַנגען צום רעליף ביוראָ, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער אכט־און־צוואַנציגסטער גאַס און סוירף עוועניו. דער מיידעל׳ס וואוקס איז געווען הויך, וועדליק פאַר אירע יאָרען. די ביינער אָבער זיינען געווען שמאָלע, אויפ׳ן קאָפּ האָט זי געהאַט אַ טונקעל־בלויען קינדערשען בערעט, וועלכער איז געווען שטייף אָנגעצויגען, ביז צום פלאַצען. די פון פריהער געפלאַצטע ערטער אויף די זוימען בערעט זיינען געווען פאַרנייט מיט ווייסע פאָדים.

דאָס שמאָל־ביינערדיגע פּנים׳על, געוויינטליך בלוטלאָז־גרוי, האָט איצט געהאַט בלויע און טויטע פלעקען, — פונם לויפען, פון דער שמייסענדיגער פערציג־מייל שעה׳דיגער זאווערוכע. ביז דער סטאַנציע פונם האָום־רעליף איז געווען כמעט אַ מייל וועג. דערצו האָט זי נאָך געמוזט אַ פּאָר מאָל עד אָפּשטעלען מיט׳ן פּנים צו אַ וואַנט פון אַ זומערדיגען פראַנקפורטערס־געשטעל, אָפּכאַפּען דעם אָטעם — אין דער זאווערוכע, וואָס איז רציחה׳דיג אָנגעפאַלען אויף מענטשען גלייך פון פאַרענט, האָט מען אַפילו אַ מויל ניט געקאָנט אָן עפען טאָן.

רעגינאַ איז ווייטער געלאָפען. זי זאָל נאָר אָנקומען אין צייט. פונקט האַלב נאָך אַכט שטעלט מען אָפּ דאָס מילך־פאַרקויפען אין דער רעליף־ביוראָ. דאָרט קאָסט אַ קוואָרט מילך אינגאַנצען אַכט סענט — מען ברייננגט זיך דאָך מיט דעם איין גאַנצע דריי סענט. און פריהער ווי אַ פערטעל צו אַכט, האָט זי ניט געקאָנט אַרויס פון שטוב.

זי האָט גאָר פרי געפרואווט אַרויסהעלפען דער מאַמען — מוטער וועדרין, פלעגען זי די שכנים רופען; אַ קײלעכדיגע פופציג־יאָריגע איירישע פרוי, וואָס איז געווען אָנגעבלאָזען פון גאַרנישט, פון ווינט און הונגער סיידען, און האָט געהאַט געשוואָלענע הענט און פיס — רעגינאַ האָט גאָר פרי געפרואווט העלפען דער מאַמען אָנאַנדערבלאָזען אַ פייער אינ׳ם קײלעכדיגען קוילען־אויוועלע, וואָס איז געשטאַנען אין קיך און האָט געדאַרפט אָנוואַרימען אַלע דריי חדרים׳לאַך פונם פלעט. ס׳איז זיי אָבער בײדען, נאָך אַלע אָנשטרענגונגען, טאַקע ניט געלונגען: דאָס אויוועלע האָט זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרען, אַלע קוילען זיינען דאָך שוין געווען איבערגעברענטע, האַרטע ווי שטיינדלאַך, ווי פאַרטריקענטע לאַווע.

אַז רעגינאַ איז ענדליך אָנגעקומען צו לויפען צום רעליף־ביוראָ — פונדערווייטענס האָט מען שוין געזען לויכטען די פּאַלאַצלאַך אינם ווינטערדיגען אָנגלעזערדיגען פוסטעוועגדיגען סי־געיט — איז נאָך אַלץ ערשט געווען אַ פערטעל נאָך אַכט. גוט. נאָך פופצען מינוט...

ביי דער וואַנט האָט זיך שוין געשטעלט אַ היפשע לאַנגע ריי. מענטשען פלעגען קומען אַהער אַזוי פרי, ווי זעקס, האַלב־נאָך־זעקס באַגינען — די לופט פלעגט דעמאָלט ערשט אָנהייבען ווערען פאַרטאָגיג־גרוי, שיטערליך־ליכטיג, און די שטערען האָבען זיך אָקאָרשט געהאַט אויסגעלאָשען.

אָפּגעלאָזענע מענטשען זיינען עס געווען, אין צוקניטשטע קליידער. ס׳האָט אויסגעקוקט, ווי אַלע וואָלטען געווען אין זיי געלאָפען. הויפּטזאַכליך — פרויען און קינדער. אָבער אויך אַ פּאָר מיטעליעריגע מאַנספאַרשוינען. די „לייך" האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם, ווי אַ גרויסער קריכענדיגער וואָרים.

ביי דער טיהר פונם רעליף־אָפיס איז געשטאַנען אַ פּאָליסמאַן. אַן אויסגעפּאַשעט רויט פּנים, ווייסע הענטשקעס אויף ריזיג־ברייטע הענט. ער איז אָבער דאָ געווען אינגאַנצען איבעריג. איין מענטש אין דער ריי האָט ניט גערעדט צום אַנדערען, איינער האָט זיך געשעמט פאַרן צווייטען, מען האָט געהאַט אַרונטערגעלאָזענע אויסגעלאָשענע בליקען, איינגעבויגענע פּלייצעס. כאָטש די לאַסט אויף די פּלייצעס איז, דוכט זיך, געווען זעהר אַ גרינגע: דינע זומערדיגע דאַמען־מאַנטעלאַך, זיידענע האַלז־פּאַטשיילאַכלאַך, וועלכע האָבען זיך מאָדנע ניט געפּאַסט אַהער, אויך אַ פּאָר אָפּגעטראָגענע זעלנער־שינעלען...

מען האָט זיך געקוועטשט אַלץ נעהענטער צום הילצערנעם פּלויט — צוליב קעלט, צי מחמת בושה. אין די געפרוירענע הענט — מילך־קענדלאַך, פלעשער, בלעכלאַך.

לאַנגזאַם, ווי אַ רופּע *) האָט זיך באַוועגט די ריי, ס׳זיינען שוין געווען אינגאַנצען פאַרבליבען אַ 4־5 מענטשען אין דער „לייך", ווען דער פּאָליסמאַן מיטן פליישיק־רויטען פּנים, ווי אַ רויער ביפסטעיק, האָט ענדליך אויפגעהויבען אַ ווייס־באַהענטשקעטע, באַפעלענדיגע האַנט:

— „נאָ־מאָור", שוין האַלב נאָך אַכט. קומען מאָרגען...

אַ מאַן פון אַ יאָר פופציג, אין אַן אַלטען זעלנערישען כאַקי־שינעל וואָס איז שוין געווען צו אייננג און צו־קורץ אויף אים, איז געווען דער יעניגער, אונטער וועמעס סאָמע נאָז די אָפיס־טיהר איז פאַרהאַקט געוואָרען. ער האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט, האָט אָנגעקוקט די איבעריגע מענטשען אין דער ריי מיט אַ הילפסלאָז־פאַרקרימטער צורה. באַלד אָבער האָט ער פערדיש אויפגעהויבען אַביסעל דעם רעכטען פוס — און אַרויסגעלאָזט אַ קליין פאַרדעכטיג קלאַנגעלע.

די דריטע אין דעם אויסגעבליבענעם שטיקעל „ליין" — איז געווען רעגינאַ. און ווען זי האָט זיך אָנגעהויבען פאַמעליך צוריקקערען אַהיים, צוריקקערען מיט ליידיגע הענט, האָט זי אַרויפגעקוקט צום ריזיגען מוניציפּאַלען טראָק און טאָפּעלטע גומי־רעדער, וועלכער איז דאָ געשטאַנען ביים טראָטואַר־ראַנד גרייט אוועקצופירען פונם רעליף־אָפיס די איבערגעבליבענע ניט־פאַרטיילטע קאַנען מילך.

⁂

מוטער וועדרין — די פופציג־יעריקע פרוי מיטן אויפגעשוואָלענעם קערפּער, ווי אַ פאַס — האָט נאָכמיטאָג־צו ענדליך אינגאַנצען אויפגעגעבען איהרע באַמיהונגען פאַנאַנדערצוברענגען אַ פייער אינם קײלעכדיגען פאַרזשאַווערטען אייזען־אויוועלע, וואָס איז געשטאַנען אין צענטער קיך.

פונם עמער שוין איינמאָל באַנוצטע שטיינקוילען האָט זי מיט געשוואָלענע הענט געפרואווט אַרויסצובאַקומען די יעניגע אַשיק־גרויע קוילען, וועלכע זיינען נאָך געווען ווייך צום באַריהר, די געפרואווט אָפּטיילען פון די שוין אינגאַנצען דורכגעברענטע קוילען, וועלכע זיינען שוין געווען ווי שוואַמיגע שטיינדלאַך, ווי שטיקער אָפּגעקיהלטע לאַווע.

ס׳איז אָבער ניט געגאַנגען. אפשר זיינען זיי גוט געווען אויף צוצוואַרפען שפּעטער, ווען אַ פייער פון פרישע קוילען וואָלט שוין געהאַט געברענט. אָבער ניט אויף אָנצינדען מיט דעם. דער רעליף־באַזוכער האָט איר אַ פּאָר מאָל שוין צוגעזאָגט צושיקען קוילען. אָבער ער פאַרגעסט אַלץ. קאָן זי אַליין גיין אַהין, שלעפּען אַ פולען זאַק אויף זיך? אָדער אפשר שיקען איהר מאַן טימאָטהין, דעם אַלטיטשקען פון אַרום זיבעציג יאָר, וועלכער האָט שוין באַלד אינגאַנצען אויף גאַרניט געטויגט, סיידען אויף מיסט־מאַכען?

די שטוב — דער צווייטער שטאָק פון אַ לויזער ברעטער־געביידע, וואָס פלעגט זומער־צייט ביינאַכט ווערען ווי אַ שפּיכלער פאַר קוני־איילענדער הענדלער מיט פיסטאַשקעס און „פאַפּ־קאָרן" — איז ניט מעגליך געווען איצט אַפילו אַביסעל אָנצואוואַרימען. די אָקעאַן־ווינטען זיינען באַלד געווען פונקט אַזוי הימיש אינווייניג אין שטוב, ווי אין צעהוליעטען דרויסען... מילאַ, קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען. אַז רעגינאַ וועט קומען פון סקול און וועט בלייבען מיטן אינגערען אַכט־יעריגען מיידעלע, וואָס איז געלעגען קראַנק אין בעט, אַרומגערינגעלט מיט אַ באַרג שמאַטעס, וועט זיך די אַלטע דאַן אַליין שלעפּען צום רעליף־ביוראָ.

ארום דריי אַזייגער, איידער זי האָט פאַרלאָזען די שטוב, האָט מוטער וועדרין אַ שטורכע געטאָן דעם דריכביינענדיגען אַלטיטשקען. יענער האָט האַלב־דרעמלענדיג זיך געהוידעט אין אַ צעלעכערטען וויג־שטול, וואָס האָט געקוויטשעט און געקרעכצט, ווי אַ לעבעדיגע זאַך. ער האָט געזויגען אַ פאַרלאָשענע פייפקע פון אויסגעהוילטען קוקורוזע־שטעקען.

— און דו... פאַרגעס אָקאָרשט ניט גיין צום פייער... און דאָס מאָל טאַקע עפּעס כאַפּען אויך... דאָס בלעכעל פאַרשטונקענע ראָסטביף האָב איך נאָך נעכטען אויסגעקראַצט ביזן דעק... וועסט ברייגען אַ פּאָר קראַבען, וועל איך זיי אָפּזידען אויף וועטשערע.

דער אַלטער האָט מיט שמייכלענדיגער לייזוליגקייט עפּעס אַרויסגעברייעט עטליכע ווערטער.

⁂

איבער די ווינטערדיגע גאַסען און עוועניוס פון קאָני־אינזעל — זומער צייט דער לוסטיגער גן־עדן פון די מיליאָנען ניו־יאָרקער קבצנים, אמת׳ע און פאַרשטעלטע — האָט זיך נאָכמיטאָג־צו דער שטורעם־ווינט ענדליך אָנגעהויבען איינשטילען.

עס האָבען שוין ניט געטראַכעט אַזוי די שילדען אויף די צוגעמאַכטע זומערדיגע געשעפטען, אויף די שפּיל־רעדער פון די פאַרהאַקטע פאַרוויילונגס־פּלעצער. ס׳האָט זיך געדוכט: דער ריזיג־צורעוועטער מויל פונם סטיפּעלטשייס־פאַרשוין האָט איצט געשטשירעט אַביסעל צופרידענער זיינע ציין, יעדער פון זיי גרויס ווי אַ ביינערנער גאָפּעל.

דער אָנגעפאַלענער שניי איז אָבער דאָך געווען טיף, געוויס העכער אַ צוויי פוס טיף. דער מוטער וועדרין האָט גענומען אַרום אַנדערהאַלבען שעה ביז זי האָט זיך דערשלעפּט צום רעליף־אָפיס. אין אַ גלעזערען־געפרוירענער האַנט, איינגעוויקעלט אין אַ גרויסער ווייכער קאַלדרע־שמאַטע ווי אין אַ מופטע, האָט מוטער וועדרין די גאַנצע צייט געהאַלטען פאַרקוועטשט דעם רעליף־טיקעט. מעהר פעלט איהר ניט, זי זאָל נאָך איהם פאַרלירען! און ווען זי האָט זיך ענדליך אַהין דערשלעפּט, איז שוין געווען נאָהענט צו פינף אַזייגער.

עמיצער האָט איהר אין אָפיס דורכגעשטאָכען דעם טיקעט מיט אַ „פּאַנטשער", און עמיצער האָט דאָרט צו איהר דערנאָך זיך געשמייכעלט:

— מרס. וועדרין... סאָררי... די קוילען האָבען היינט פאַרשפּעטיגט. מסתמא — צוליב דער זאווערוכע. דער אינוועסטיגייטאָר וועט שוין זעהן אייך מאָרגען אַליין ברייגען אַהיים אַ זעקעל.

⁂

אָוונט. די פערציג־מייל אַ שעה־דיגע זאווערוכע איז שוין אינגאַנצען אַריבער. דער אָקעאַן איז שטיל — מיט זיין געוויינליכער אומרוהיג־כוואַליענדיגער „שטילקייט".

אויפן „פּיער" וואָס האָט ווי אַ שווערד זיך אַריינגעשניטען אינם גרוי־שטאָלענעם וואַסער אַריין ניט ווייט פונם סטיפּעלטשייס־פּאַרק, זיינען געזעסען איצט איינגעהויקערט אַ ריי אומבאַוועגליכע געשטאַלטען.

די נאַכט איז געווען אַ פראָסטיגע, אַ ליכטיגע. פיש־ווענדקעס זיינען געווען פאַרוואָרפען אין וואַסער, דיקע שפּיגאַטלאַך אויף צו כאַפּען ים־ראַקעס. אויף די האַקענס זיינען געווען אָנגעטשעפּעט שטיקלאַך מינניס 1). פראָבקעס פלעגען אַרויסטויכען און ווידער פאַרשווינדען. נערוועזע הענט האָבען מיט געשפּאַנטקייט אינם גאַנצען גוף אויפגעכאַפּט דעם דינסטען ציטער פון די שנורען.

דער אַלטיטשקער צוזאַמענגעשרומפּענער טימאָטהי איז דאָ אויך געווען. זיינע פיס זיינען אומבאַוועגליך אַרונטערגעהאָנגען איבערן פּיר־ראַנד, ווי געפרוירענע קלעצלאַך, אַליין ווי נאַסע וואַסער־דורכגעזאַפּטע פּירקלעצער. ווענדקעס פלעגען אַרויספישען רויט־גליטשיגען ים־גראָז, נאָדעלדיגע ים־שטערענס, — שיינע אָזעלכע באַשעפעניש, ווי בלומען־פלאַנצען — צום עסען אָבער איז דאָרט גאָרניט וואָס...

— ניט גוט צו כאַפּען פיש גלייך נאָך אַזאַ שטורעם... — אַרויסגעזייעט איינער אַ „פישער" אין אַ

---

*) Caterpillar.

1) קלײנע פישלאַך וואָס מען באַנוצט ווי פאַנג פאַר ים־פיש.

# פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־לעבען

פון דר. יוסף קיסמאַן.

## קאַמפּראָמיס צווישען רעכטע און לינקע ראַטעוועט גאַנצקייט פון דער פראַנצויזישער סאָצ. פּאַרטיי



י אַרבייטער באַוועגונג פון דער גאַנצער וועלט האָט מיט גרויס פאַראינטערעסירונג אַרויסגעקוקט אויף די רעזולטאַטען פון דער קאָנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פראַנקרייך, וועלכע איז לעצטענס אָפּגעהאַלטען געוואָרען — אין דער שטאָט נאַנט. מען האָט זיך געשראָקען פאַר דעם דאָזיגען צוזאַמענפאָר. פון זינט די גרויסע פאַשיסטישע זיגען אין אייראָפּע ווערט די פראַנצויזישע אַרבייטער־באַוועגונג — סיי די פּאָליטישע סיי די יוניאָן־באַוועגונג — אינערליך צעטרייסעלט פון שווערע מיינונג־קאַמפען. איבער אייראָפּע הענגט די געפאַר פון מלחמה, וואָס קריטישער עס ווערט די לאַגע, אַלץ מעהר פאַרשאַרפען זיך די באַציאונגען צווישען די געגענזעצליכע ריכטונגען אין דער באַוועגונג. עס האַנדעלט זיך דאָך ניט וועגען טעאָרעטישע שטרייטען, נאָר וועגען פראַגען פון דער טאָג־טעגליכער פּראַקטישער פּאָליטיק. האָט מען פאַראויסגעזען ביטערע קאַמפען אויפן איצטיגען צוזאַמענפאָר, אפשר אַפילו אַ שפּאַלטונג. די דעבאַטען זיינען טאַקע געפירט געוואָרען מיט גרויס ליידענשאַפט, אָבער די איינהייטליכקייט און גאַנצקייט פון דער באַוועגונג איז געראַטעוועט געוואָרען.

עס דאַרף ניט ערשט געזאָגט ווערען, אַז אויפן געביט פון דער אויסערליכער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק גייען זיך פאַנאַנדער די מיינונגען אין דער באַוועגונג. אייראָפּע שטייט היינט צווישען דעם פייער פון מלחמה און דעם מבול פון פאַשיזם. שטעלט זיך פאַרן פּראָלעטאַריאַט פון די מערב־אייראָפּיאישע דעמאָקראַטישע מלוכות די פראַגע: וואו איז דער וועג פאַרן אַרבייטער קלאַס פון די דעמאָקראַטישע מלוכות? דאַרף ער שטיצען די פּאָליטיק פון הנחות צו די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרס („אַפּיזמענט”), כדי צו פאַרהיטען די מלחמה אָדער — זיך אַנטגעגענשטעלען די פאַשיסטישע רויב־אַנפאַלען, ריזיקירען מיט אַ מלחמה, זיך גרייטען צו דער פאַרטיידיגונג פון זיין אייגען לאַנד און פון די פאַרבינדעטע מלוכות („קאָלעקטיווע סעקיוריטי”)?

אויף אָט דער פראַגע געבען די ביידע הויפּטריכטונגען אין דער פּאַרטיי צוויי געגענזעצליכע ענטפערס: דער לינקער פליגעל, געפירט פונם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי פּאָול פאָר, שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון אומבאַדינגטען פּאַציפיזם און גרענעצט זיך שאַרף אָפּ פונם געדאַנק פון מלוכה־פאַרטיידיגונג. די רעכטע, וועלכע ווערען אָנגעפירט פונם פאָרזיצער פון דער פּאַרטיי און געוועזענעם פּרעמיער לעאָן בלום, אָנערקענען די נויטוועגדיגקייט פון קאָלעקטיווער זיכערהייט און די גרייטקייט צו נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג.

אין אָט דער וויכטיגסטער פראַגע, וואָס טיילט פאַנאַנדער די ביידע ריכטונגען, האָט די קאָנווענשאַן אָנגענומען אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע, וועלכע וויל פאַרגלייכען ביידע צדדים. די רעזאָלוציע דריקט אויס די גרייטקייט צו פאַרטיידיגען די פראַנצויזישע טעריטאָריע און די נויטווענדיגקייט פון קאָלעקטיווער פאַרזיכערונג פונם אייראָפּיאישען פרידען (לעאָן בלום׳ס שטאַנדפּונקט); אין דער אייגענער צייט ווערט אונטערגעשטראָכען די נויטווענדיגקייט פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע פון אַלע מלוכות און — אונטער געוויסע באַדינגונגען — הנחות פאַר די דיקטאַטאָרישע מלוכות (פּאָול פאָרס שטאַנדפּונקט).

די קאָנווענשאַן האָט אויך באַשלאָסען איבערצורייסען די באַציאונגען מיט די קאָמוניסטען און אַ סוף צו מאַכען צו דער ביז איצטיגער פּאָליטיק פון פאָלקס־פראָנט. אַ נייער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט איז ניט אויסגעקליבען געוואָרען, מען האָט פאַרלענגערט דעם מאַנדאַט פון דער ביז־איצטיגער פּאַרטיי־אָנפירונג אויף ווייטערע זעקס מאָנאַטען. ביז דאַן, האָפט מען, וועט די צייט אַליין שוין האָבען פאַרענטפערט די וויכטיגסטע שטרייט־פראַגען. פאַרן איצטיגען מאָמענט איז געווען דאָס וויכטיגסטע, צו ראַטעווען דעם אינערליכען פרידען אין דער פּאַרטיי און אָט דער ערפאָלג איז דערגרייכט געוואָרען.

### די פראַנצויזישע יוניאָנס נאָך דער קאָנווענשאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי

די יוניאָנס אין פראַנקרייך פאַרנעמען זיך, געוויינטליך, נאָר מיט עקאָנאָמישע פראַגען און גרענעצען זיך שאַרף אָפּ פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און פון פּאַרטיי־פּאָליטיק בכלל. פונדעסטוועגען האָבען די באַראַטונגען און די באַשלוסען פון דער קאָנווענשאַן אין נאַנט אַ גרויסען איינפלוס אויפן לעבען אין די יוניאָנס און עס פאַרשטייט זיך אַליין, אַז די באַציהונגען צווישען די עקזיסטירענדיגע ריכטונגען אין דער יוניאָן באַוועגונג זיינען דורך דער דאָזיגער קאָנווענשאַן ניט פאַרבעסערט געוואָרען. אונטער דער אָנפירונג פון דער „גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון אַרבייט” זיינען אין פראַנקרייך פאַראייניגט סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. די פאַראייניגונג איז ערשט אַלט עטליכע יאָר און די מיטגלידער מאַסען פון די ביידע ריכטונגען זיינען, אויך אויפן פעלד פון יוניאָן־אַרבייט, נאָך לאַנג ניט צוזאַמענגעוואַקסען. דער באַשלוס פון דער פּאַרטיי־קאָנווענשאַן, איבערצורייסען מיט די קאָמוניסטען און אַ סוף צו מאַכען צום פאָלקס־פראָנט, האָט דעריבער אַריינגעטראָגען נייע פאַרביטערונג צווישען ביידע צדדים אין דער יוניאָן באַוועגונג.

די פּאַרטיי־קאָנווענשאַן האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע מיטן צוועק, אויסצופאָרשען די אורזאַכען פון די קאָנפליקטען אין דער יוניאָן באַוועגונג און זיי, ווי ווייט מעגליך, צו פאַרגלייכען. באַלד נאָך דער קאָנווענשאַן האָט די אָנפירונג פון דער גענעראַל־קאָנפעדעראַציע פון אַרבייט, צוזאַמען מיט אָט דער קאָמיסיע איינשטימיג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע און אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו דער מיטגלידערשאַפט צו פרידליכער, האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסען פונם אַרבייטער קלאַס.

אין דער רעזאָלוציע ווערען דערמאָנט די פריערדיגע באַשלוסען, צו פאַרזיכערען די אומאָפּהענגיגקייט פון דער יוניאָן־באַוועגונג. אין איצטיגען מאָמענט איז די גאַנצקייט און די אומאָפּהענגיגקייט פון דער באַוועגונג וויכטיגער ווי ווען ס׳איז געווען ביז אַהער, כדי צו פאַרטיידיגען די אַרבייטער־אינטערעסען געגען דער וואַקסענדיגער פּאָליטישער הערשאַפט פונם גרויס־קאַפּיטאַל איבער דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט פון לאַנד.

די טוערס פון די אָרגאַניזאַציעס ווערען צוליב דעם אויפגעפאָדערט, צו מילדערען דעם טאָן פון פאָלעמיק צווישען זיך, כדי ניט צו פאַרשאַרפען די אינערליכע געגענזאַצען. דער קאַפּיטאַל נוצט אויס די אָנגעשפּאַנטע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע, כדי צו פאַרפעסטיגען זיין הערשאַפט ניט בלויז איבער די אַרבייטער, נאָר איבער דער גאַנצער נאַציע, מוזען די יוניאָנס אָפּהיטען די אומאָפּהענגיגקייט פון זייער טעטיגקייט, כדי מעגליך צו מאַכען די גרעסטע אָנשפּאַנונג פון זייערע כוחות אין קאַמף פאַר סאָציאַלען פּראָגרעס.

אין דערזעלבער צייט האָט די גענעראַל קאָנפעדעראַציע באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ גרויסע אַרבייטער מאַניפעסטאַציע אין פּאַריז, מיט דעלעגאַטען פון דעם גאַנצען לאַנד, אין טאָג פון 9טען יולי.

### קאָנפערענץ פון ענגלישער לעיבאָר־פּאַרטיי פאַראורטיילט טשעמבערלעינס פּאָליטיק

די קאָנפערענץ פון דער ענגלישער פּאַרטיי אין סאַוטפּאָרט האָט אָנגענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע געגען דער וואַקעלדיגער פּאָליטיק פון דער אַזוי גערופענער „נאַציאָנאַלער” רעגירונג. אין ענגלאַנד לגבי די דיקטאַטאָרישע מלוכות. ספּעציעל ווערט אויסגעדריקט אין דער רעזאָלוציע די פאַרביטערונג פון אַרבייטער קלאַס פאַרן ביז איצטיגען דורכפאַל פון די פאַרהאַנדלונגען מיט רוסלאַנד און עס ווערט אונטערגעשטראָכען די געפאַר פאַרן וועלט־פרידען, אויב עס זאָל ניט צושטאַנד קומען דער אָפּמאַך פון די מערב־אייראָפּיאישע דעמאָקראַטישע מלוכות מיטן סאָוויעטען־פאַרבאַנד. די רעזאָלוציע פאָדערט, אַז עס זאָל ווידער אויפגעבויט ווערען די פעלקער־ליג, וואָס זאָל פאַרזיכערען, מיט דער גאַנצער אויטאָריטעט פון אָנגעשלאָסענע מלוכות, דעם רעספּעקט פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצען.

די קאָנפערענץ האָט אויך אָנגענומען אַ שאַרפע רעזאָלוציע געגען דער פּאַלעסטינאַ־פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

### גענעראַל־סטרייק — „אַמנעסטיע” אין פראַנקרייך — לויטן גוטען ווילען פון דער רעגירונג

בערך צוויי טויזענט יוניאָן־פירערס אין פראַנקרייך שמאַכטען אין די קערקערס, מיט גרעסערע און קלענערע שטראָפען פאַרן „פאַרברעכען” פון גענעראַל־סטרייק אין נאָוועמבער פונם פאַרגאַנגענעם יאָר. עס איז געווען אַ 24־שעה׳דיגער סטרייק, וועלכער איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס פּראָטעסט געגען די אַרבייטער־פיינטליכע דעקרעט־געזעצען, וואָס די רעגירונג פון דאַלאַדיע האָט דאַמאָלט צוגעגרייט. אַלס מאַניפעסטאַציע פון פּראָטעסט און צאָרן האָט דער גענעראַל־סטרייק געהאַט אַ גאַנץ גרויסע באַדייטונג, אָבער די דעקרעט־געזעצען האָט ער פאָרט ניט געקענט פאַרהיטען. די רעגירונג דאַלאַדיע האָט זיך טאַקע באַלד אַ נעם געטאָן, ליקווידירען די סאָציאַלע דערגרייכונגען פון לעאָן בלום׳ס רעגירונגס־פּעריאָד, אין דערזעלבער צייט האָט די רעגירונג נקמה גענומען אין די יוניאָנס פאַר זייער „אומלעגאַלען” סטרייק און אַ גרויסע צאָל סטרייק פירערס זיינען אַרעסטירט געוואָרען. ווי באַמערקט, זיינען בערך צוויי טויזענט יוניאָן־טוערס פאַר׳משפּט געוואָרען צו פאַרשידענע שטראָפען און נאָך ביז היינט האָבען זיך ניט פאַרענדיגט פיל, צענדליגער, אפשר הונדערטער, פּראָצעסען פאַר די קרימינעלע געריכטען פון פראַנקרייך.

די יוניאָנס און די אַרבייטער־פּאַרטייען פאָדערען שטורמיש, אַז מען זאָל באַפרייען די פאַראורטיילטע, מיט אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע, און בטל מאַכען די אַלע פּראָצעסען, וואָס זיינען נאָך אין גאַנג. ביי דער איצטיגער לאַגע אין אייראָפּע, ווען די אַרבייטער קענען מאָרגענדיגען טאָג גערופען ווערען צו פאַרטיידיגען דאָס פאָטערלאַנד, וואָלט די רעגירונג געהאַט דעם גרעסטען אינטערעס, צו פאַרבעסערען די שטימונג פון די אַרבייטער לגבי דער רעגירונג און צו מילדערען די באַציאונגען צווישען די קלאַסען. אָבער דאַלאַדיע און זיינע מיניסטאָרען־קאָלעגען האָבען גיכער אין זין זייער „אויטאָריטעט” ווי די אינטערעסען פונם לאַנד און האָבען ביז איצטער ניט געוואָלט הערען פון אַמנעסטיע.

אויף דער לעצטער סעסיע פונם פּאַרלאַמענט איז די פאָדערונג נאָכאַמאָל אויפגעהויבען געוואָרען פון די אַרבייטער־פאָרטרעטער. דאָס מאָל האָט די רעגירונג געמוזט צושטימען צו אַן אַמנעסטיע, אָבער — נאָר „אין פּרינציפּ”. די אַמנעסטיע, וועלכע איז באַשלאָסען געוואָרען פונם פּאַרלאַמענט, איז ניט קיין אַלגעמיינע. עס ווערט דער רעגירונג געגעבען די מאַכט, צו שענקען די קערקער־שטראָפען אינדיווידועל. וועמען זי וועט

---

זעלנערישען כאַקי־שינעל, וואָס איז אויף איהם געווען אייננ ביז צום פּלאַצען. — די קראָבען האָבען זיך בעת׳ן שטורעם ערגיץ אויסגעבאַהאַלטען...

— דו הויבסט שוין אָן צו „קיקען”... — האָט אים אַ שוויגענדיגער שכן וואָרנענדיג אָפּגעענטפערט. — אינדערפרי, ביים רעליף־אָפיס, אַז דו האָסט קיין מילך ניט געקראָגען, האָסטו אויך גלייך אָנגעהויבען קיקען... מען האָט שוין דאָרט זיכער אויף דיר אַן אויג! איך טענה מיר איינס: ס׳איז אַלעמאָל געזינטער צו האַלטען דאָס מויל פאַרמאַכט.

— אַ, יע? און זאָל עס מיך אָנהויבען צו אַרען!

— האָט אַ לאַך־אויף געטאָן דער פאַרשוין אינם זעלנערישען כאַקי־שינעל נאָך פון די צייטען פונם וועלט־קריג. — לאָמיר דיר עפּעס זאָגען: איך האָב געקיקט היינט און האָב געקיקט נעכטען און איך וועל אויך אויף ווייטער קיקען! יעס־סער! און אויב דאָס הייסט זיין „רעדיקעל” האָט ער טראָציג, מיט אַ סווישטש, אַ פאַרוואָרף געטאָן אויף אַן אַנדער אָרט די ווענדקע ליינע, — וואַהאַי, איטס אָ־קעי וויט מי!

פון רעכטס, פון ווייט אויף יענער זייט אָקעאַן אויסגוס, האָבען נאָכאַנאַנד שטערענדיג געפינקעלט אינם ווייסען שניי די רויטע און גרינע פייערען וואָס אויפן סטייטען־איילענד איינזעל.

געפינען פאַר נויטיג. אַלזאָ אַן „אַמנעסטיע", וואָס איז אָפהענגיג פונם חסד פון דער רעגירונג.

## אַרבייטסלאָזיגקייט פאַלט אין ענגלאַנד

דער קאָלאָסאַלער באַוואָפענונג־פראָגראַם אין ענגלאַנד לאָזט ענדליך שוין פילען זיין ווירקונג אויפן אַרבייטסמאַרק. עס זיינען נאָך אַלץ פאַראַן אַן ערך אַנדערטהאַלב מיליאָן אַרבייטסלאָזע אין ענגלאַנד, אָבער ערשט אין יאַנואַר פון איצטיגען יאָר האָט זייער צאָל באַטראָפען צוויי מיליאָן און דער צוריקגאַנג מיט אַ האַלבער מיליאָן, אין משך פון פינף חדשים צייט, איז אַ גאַנץ באַדייטענדער.

קיין גרויסע גליקען קען די אויפלעבונג פונם אַרבייטסמאַרק די ענגלישע אַרבייטער ניט ברענגען, ווייל מלחמה־אינדוסטריע קאָן קיינמאָל צו קיין גוטס ניט פירען: אָדער עס קומט מלחמה אָדער — אַן אַלגעמיינער עקאָנאָמישער צוזאַמענברוך פון אייראָפע. די רייכע ענגלישע מלוכה קאָן דאָ קיין אויסנאַם ניט זיין. די אויסגאַבען פאַר באַוואָפענונג ווערען געדעקט מיט אַלץ נייע אינערליכע הלוואות און אין דער אַרבייטער־פרעסע ווערט אויסגעדריקט די זאָרג פאַר אַ קומענדיגער אינפלאַציע, אויב עס זאָל נאָך אָנהאַלטען אַ לענגערע צייט דער איצטיגער טעמפאָ פון באַוואָפענונג.

## אין דענעמאַרק און אין פינלאַנד וואַקסט די יוניאָן־באַוועגונג

אין משך פון לעצטען יאָר האָבען די דענישע יוניאָנס פאַרצייכענט אַ נייעם צוּוואוּקס פון קנאַפע צוויי צענדליג טויזענט מיטגלידער. זייער צאָל באַטרעפט איצט 470 טויזענט, אַ גאַנץ קאָלאָסאַלע ציפער פאַר אַזאַ קליינער מלוכה ווי דענעמאַרק. צו די 3133 אָרגאַניזאַציעס זיינען צוגעקומען 33 נייע.

אויך אין פינלאַנד איז געוואַקסען די צאָל מיטגלידער פון די פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, פון 64 טויזענט אויף 70 טויזענט.

## דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטס־אַמט וועגען פאַרקלענערען די אַרבייטס־צייט

אויף דער לעצטער סעסיע פונם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט ביי דער פעלקער־ליג אין גענף איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען פאַרקלענערען די אַרבייטסצייט אין דער אינדוסטריע, אין אָפיס־דינסט און אין האַנדעל. ס'איז איבעריג אונטערצושטרייכען, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע רעגולאַציע פון אַ קירצערער אַרבייטסצייט איז איצטער פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. אומעטום איז די אַרבייטסלאָזיגקייט זייער אַ גרויסע — אַ חוץ, פאַרשטייט זיך אין די דיקטאַטאָרישע לענדער, אין וועלכע מען באַנוצט זיך מיט שקלאַפען־אַרבייט פאַר דער מלחמה־אינדוסטריע — און די מעכאַניזאַציע פון מענשליכער אַרבייט שטופט נאָך אַלץ אַרויס מאַסענהאַפט אַרבייטער פון דעם פראָדוקציע־פראָצעס. ווי וויכטיג עס זאָל אָבער ניט זיין אין איצטיגען מאָמענט, צו פאַרקירצען די אַרבייטסצייט אין ברייטען אינטערנאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, איז די פאָליטישע לאַגע אין אייראָפע פאַרט אַ שטערונג, וועלכע מען קען ניט בייקומען.

די דעלעגאַטען פון פראַנקרייך, בעלגיע, אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז פיל רעגירונגען וועלען ניט מסכים זיין מיט אַ וועלכער עס איז אינטערנאַציאָנאַלער נאָרם פון אַ פאַרקירצטער אַרבייטס־וואָך, ווייל די עקאָנאָמישע טעטיגקייט און די סאָציאַלע אַנטוויקלונג אויף דער גאַנצער וועלט ווערט געשטערט דורך דער הערשענדיגער פאָליטישער אומזיכערהייט.

אָט דער שטאַנדפונקט איז אָנערקענט און מיט אַ מערהייט פון 90 שטימען געגען 2 איז באַשלאָסען געוואָרען אָפצולייגען די פראַגע אויף אַ שפעטערער בעסערער צייט.

## דער גורל פון עלטערע אַרבייטער

אין אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט ווערט איצט באַראַטען אַ העכסט אָנגעווייטאָגטע פראַגע פון אַלע אינדוסטריעלע אַרבייטער: דער גורל פונם אַרבייטער אין עלטער פון איבער 40 יאָר. ס'איז אַ באַוואוּסטער פאַקט, אַז די עלטערע אַרבייטער קענען ניט געפינען קיין אַרבייטס־פלעצער, הגם זיי האָבען נאָך די פיזישע און גייסטיגע כחות צו אַרבייטען.

עס זיינען געמאַכט געוואָרען אויספאָרשונגען אין אַ ריי אינדוסטריעלע לענדער, וועלכע באַשטעטיגען דעם גוט באַוואוּסטען פאַקט, אַז נאָכן 45טען לעבענסיאָר האַלט די פראָפאָרציע פון אַרבייטסלאָזע אין איין וואַקסען. דערביי האָבען די אויספאָרשונגען נאָך געוויזען, אַז די ריזיקע צו פאַרלירען דעם אַרבייטס־פלאַץ, איז פאַר די עלטערע אַרבייטער ניט גרעסער ווי פאַר די יונגערע, ד. ה., אויב דער עלטערער אַרבייטער שטייט אויף אַ פלאַץ און אַרבייט, שיקט איהם דער באַלעבאָס ניט אַזוי גרינג אַוועק, ווייל ער איבערצייגט זיך טעגליך פון זיין לייסטונג. אויב עס פעלט דעם עלטערען אַרבייטער פיזישע כוחות, לגבי דעם יונגערען אַרבייטער, שטייגט ער איהם אָבער אַריבער מיט זיינע גרעסערע ערפאַרונגען אין אַרבייטס פראָצעס. אגב ברענגט עס די מעכאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע מיט זיך, אַז די שווערע פיזישע קראַפט־אָנשטרענגונג פון דער אַרבייט ווערט אַלץ מעהר אַריבערגעטראָגען פונם לעבעדיגען מענטש אויף דער טויטער מאַשין. סטאַטיסטישע ציפערען פון עקסידענטס ביי דער אַרבייט ווייזען, אַז די פראָפאָרציע פון עקסידענטס איז ביי אַרבייטער אין עלטער פון 20 ביז 30 יאָר מיט אַ דריטעל העכער ווי ביי אַרבייטער אין 50טען לעבענסיאָר. דאָס נעמט זיך פון די לענגערע ערפאַרונגען און פון דער גרעסערער פאַרזיכטיגקייט ביי די עלטערע אַרבייטער.

אָט די אַלע פאַקטען ענדערען אָבער ניט די צרה, אַז דער עלטערער אַרבייטער האָט זייער קנאַפע אויסזיכטען צו געפינען אַ נייעם אַרבייטס־פלאַץ, ווי באַלד ער פאַרלירט זיין אַלטען פלאַץ. דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטס־אַמט האַלט אין שטודירען די פראַגע, ווי אַזוי צו הילף צו קומען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, די וועטעראַנען פון אַרבייט. די כוונה איז געוויס זייער אַ גוטע, אָבער — עס מוז געזאָגט ווערען דאָס אייגענע ווי ביי דער פראַגע פון אַרבייטסצייט: פאָליטישע אומזיכערהייט, מלחמה־געפאַר! וועמען ליגען אין קאָפ אַזעלכע פראַגען ווי דער גורל פון עלטערע אָדער אַפילו מיטעל־יאָריגע אַרבייטער, ווען מען איז ניט זיכער מיטן מאָרגענדיגען טאָג?!

## קאָנווענשאָן פון טרייד יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל אין חודש יולי

אָנהויב פון איצטיגען חודש וועט אָפגעהאַלטען ווערען די קאָנווענשאָן פון טרעיד יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל. אין דער קאָנווענשאָן וועלען אָנטייל נעמען די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס פון דער גאַנצער וועלט. אין דער איצטיגער העכסט קריטישער לאַגע אין אייראָפע האָט די קאָנווענשאָן אַ גאַנץ באַזונדערע באַדייטונג. זי וועט זיין אַ מאַניפעסטאַציע פון דער אַרבייטערשאַפט פון דער גאַנצער דעמאָקראַטישער וועלט. דאָס ביוראָ פון טרעיד יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל האָט אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען צו די יוניאָנס פון אַ ריי לענדער, וואָס האָבען זיך ביז איצט נאָך ניט אָנגעשלאָסען אין אינטערנאַציאָנאַל: אירלאַנד, אויסטראַליע, טשילי, כינע, קיובאַ און אַנדערע. די יוניאָנס פון די דאָזיגע לענדער וועלען זיך באַטייליגען אַלס געסט. די קאָנווענשאָן וועט פאָרקומען אין ציריך (שווייצאַריע).

דאָס ביוראָ פון טרעיד־יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל האָט אָרגאַניזירט אַ ברייטע הילפס־אַקציע פאַר די פליכטלינגע פון שפאַניע. עס ווערען געזאַמעלט און אַרויסגעשיקט קליידער און לעבענסמיטלען פאַר די קרבנות פון דעם פאַשיזם אין שפאַניע.

דאָס ביוראָ האָט אויך באַטראַכט די אינטערנאַציאָנאַלע פאָליטישע לאַגע. נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע איז באַשלאָסען געוואָרען, צו רופען אַן אויסערגעוויינליכע זיצונג פונם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אין פאַל פון נייע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפליקאַציעס.

## גענעראַל־סעקרעטאַר פון טרעיד־יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל פאַר אַ „פראָנט פון ווידערשטאַנד" געגען די פאַשיסטען

די פראַנצויזישע אַרבייטער פרעסע פאַרעפענטליכט אַן אינטערעסאַנטען אַרטיקעל פונם גענעראַל־סעקרעטאַר פון טרעיד־יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל סכעווענעלס וועגען דער שטעלונג, וואָס דער אַרבייטער קלאַס דאַרף פאַרנעמען אין דער איצטיגער לאַגע אין אייראָפע. דער אַרטיקעל טרעט שאַרף אַרויס געגען די אומבאַדינגטע פאַציפיסטען, וואָס ווילען נאָר „פרידען אום יעדען פרייז".

די דאָזיגע חברים — ווערט געזאָגט אין אַרטיקעל — דערציילען אונז: ניטאָ קיין שרעקליכערע זאַך ווי מלחמה... צי פאַרהיט מען אָבער די מלחמה דורך דעם, וואָס מען וועט אַלץ נאָכגעבען די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרען? דאָס איז מעהר ווי צווייפעלהאַפט. שריט נאָך שריט וועלען די פעלקער, וואָס זיינען פאַרשקלאַפט דורכן פאַשיזם, געצוואונגען ווערען, צו פירען מלחמה פאַר די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרען, נאָכדעם ווי זיי האָבען ניט געוואָלט פירען מלחמה געגען זיי, דעמאָלט ווען עס איז נאָך מעגליך געווען. מיר זיינען גרעסערע אָנהענגער פון שלום ווי ווער ניט איז. מיר האָבען אַ פעסטען גלויבען, אַז די מיטלען, וועלכע מיר פאַרלאַנגען, וועלען דינען גלייכצייטיג דעם שלום און דער פרייהייט, אויב זיי וועלען נאָר קומען אויף דער גאַנצער ליניע, אויב עס וועט אָבער קומען דער פאַשיסטישער אָנגריף, ניט געקוקט אויף די דאָזיגע איבערמענשליכע אָנשטרענגונגען, דאַן זאָגען מיר קלאָר און אָפען: בעסער היינט פאַרטיידיגען זיך געגען פאַשיזם איידער — געצוואונגען ווערען שפעטער, אָנטייל צו נעמען אין זיין אָנגריף אויף די אַנדערע פעלקער, וואָס זיינען געבליבען פריי.

## אָט דאָס איז אַ יוניאָן!

די יוניאָן פון די טראַנספאָרט־אַרבייטער אין ענגלאַנד האָט אַרויסגעגעבען אַ באַריכט וועגען איהר טעטיגקייט אין די לעצטע צוויי יאָר, צו דער געלעגענהייט פון דער קאָנווענשאָן, וואָס דאַרף פאָרקומען אין קורצען.

פון דעם באַריכט איז צו זען, אַז אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר צייט האָט די יוניאָן פאַרגרעסערט איהר מיטגלידער־צאָל מיט אַריבער 117 טויזענט, ד. ה. מיט קנאַפע 20 פראָצענט, צו דער קאָנווענשאָן קומט די יוניאָן מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 679 טויזענט און 360.

דער מיטגלידער־אָפצאָל („דיוס") פאַרן לעצטען יאָהר באַטרעפט די קיילעכדיגע סומע פון איין מיליאָן ענגלישע פונט (בערך 5 מיליאָן דאָלאַר).

די יוניאָן איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1921 דורך דער פאַראייניגונג פון 14 אָרגאַניזאַציעס און איז אַזוי שנעל אויסגעוואַקסען צו אַזאַ קאָלאָסאַלער אַרמיי. אָט דאָס הייסט אַ יוניאָן!

## אָרגאַניזאַציע פון אַרבייטס־וואַקעישאַן אין די סקאַנדינאַווישע לענדער

אין אַלע פיר סקאַנדינאַווישע לענדער (דענעמאַרק, שוועדען, נאָרוועגיע און פינלאַנד) האָבען איצט די אַרבייטער אַ רעכט אויף באַצאָלטער וואַקעישאַן־צייט איין מאָל אין יאָר. שוין פריהער האָבען די יוניאָנס דורכגעזעצט אין זייערע קאָלעקטיווע אָפמאַכען, אַז די אַרבייטער זאָלען באַקומען יערליכע באַצאָלטע וואַקעישאַנס. איצט איז די פראַגע רעגולירט געוואָרען דורך געזעצען אין אַלע פיר סקאַנדינאַווישע לענדער. די געזעצען זיינען פאַרשידענע אין יעדען פון די פיר לענדער. אין דענעמאַרק איז די פליכט פון באַצאָלטע וואַקעישאַנס פאַרברייטערט געוואָרען אויף דער גאַנצער אַרבייטערשאַפט. (סעזאָן־אַרבייטער, לאַנד־אַרבייטער, מאַטראָזען, א. אַנד.). אויך איז פאַרשידען באַשטימט געוואָרען אין יעדען פון די פיר לענדער די צייט, וואָס אַן אַרבייטער מוז האָבען געאַרבייט אויף אַ פלאַץ, אַז ער זאָל זיין באַרעכטיגט אויף אַ באַצאָלטער וואַקעישאַן און פאַרשידען איז אויך די צייט פון וואַקעישאַן גופא. אָבער אַלענפאַלס איז וואַקעישאַן־פליכט גופא איינגעפירט אין אַלע פיר לענדער.

איצט האָט זיך געשאַפען אַ ספעציעלע אָרגאַניזאַציע מיטן צוועק, צו אָרגאַניזירען די וואַקעישאַן־צייט אַזוי, אַז זי זאָל די אַרבייטער ברענגען אי קולטורעלע באַפרידיגונג, אי פאַרגעניגען, אי געזונט. פריער האָבען זיך פאַרנומען מיט אָט דער אַרבייט די אַרבייטער־בילדונגס פאַראיינען, איצטער אָבער, נאָכדעם ווי די אַרבייטס־וואַקעישאַן איז געזעצליך רעגולירט געוואָרען און נעמט אַרום אַזאַ גרויסע אַרבייטער־מאַסע, איז פאַר אָט דעם צוועק נויטיג געוואָרען אַ ספעציעלער פאַרבאַנד פאַר אַרבייטער־וואַקעישאַן. עס ווערען איינגעאָרדענט רייזעס, קורסען א. אַ. וו., מיט איין וואָרט, די אַרבייטער פון די סקאַנדינאַווישע לענדער באַקומען די מעגליכקייט אויסצונוצען דאָס נייע סאָציאַלע געזעץ פאַר דער פיזישער ערהאָלונג און קולטורעלער ערציהונג.

---

## דאַנק רעזאָלוציע.

מיר, די אַרבייטער פון בלאָק מעקס גרובאַרד שאַפ, 589 אַכטע עוועניו, דריקען אויס אונזער אָנערקענונג און ברידערליכען דאַנק צו אונזער שאַפ־טשערמאַן, ברודער ב. קאַפלאַן, פאַר זיין איבערגעבענער אַרבייט פאַר די אַרבייטער פון שאַפ. אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג גיבען מיר אים אַ פרעזענט, מיט דעם וואונש און האָפנונג אַז ער זאָל אויף ווייטער פאָרזעצען די גוטע אַרבייט פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון שאַפ. מיר באַדאַנקען אויך אונזער ביזנעס אַגענט, ברודער היינס, ווי אויך דעם דעפאַרטמענט מענעדזשער, ברודער פיינבערג, פאַר דער פולער קאָאָפעראַציע וואָס זיי גיבען אונזער טשערמאַן, וועלכעס מאַכט מעגליך אָנצוהאַלטען יוניאָן באַדינגונגען אין אונזער שאַפ.

שאַפ קאָמיטע: לעווינסאָן, לעווין.

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)
פון ש. פ.



רייבענדיג יעדען מאנאט אן איבערזיכט איבער די וויכטיגסטע פאסירונגען אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג, ווערט עס לעצטענס אביסעל מאנאטאן, עס קלינגט כמעט ווי ווידערהאלונגען פון איין און דעמזעלביגען לייט־מאטיו מאנאט נאך מאנאט. יעדעס מאל קומט אויס צו פארצייכענען די רייסערייען און מלחמות צווישען די צוויי פליגלען אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג און די שעדליכע ווירקונג וואס דאס האט אויף די ארבייטער און זייערע באדינגונגען. עס איז אבער אונמעגליך צו באפרייען זיך דערפון, ווייל אויף יעדער פאסירונג, אויף יעדער אונטערנעמונג, וואס א יוניאן נעמט אונטער, פאלט דער שאטען פון דעם פארשאלטענעם ברודער־קריג, וועלכער פארשלינגט די צייט, די ענערגיע און די מיטלען פון די יוניאנס און לאזט זיי צו זיך ניט קומען.

## ווער דערלאזט ניט קיין פרידען אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג?

ווי אין יעדען קאמף, איז אויך אין דעם קריג צווישען דער א. פ. או ל. און דער סי. אי. א., די מיינונגען צוטיילט איבער דעם ווער עס איז דער הויפט שולדיגער אין דעם קריג. פון דער צייט וואס די ערשטע פרידענס־קאנפערענצען צווישען די צוויי צדדים איז אפגעבראכען געווארען לעצטעס יאר און ביז איצט האבען די אנהענגער פון דער סי. אי. א. באשולדיגט די פעדערייש[א]ן פירער אז זיי דערלאזען ניט קיין פרידען און די אנהענגער פון דער פעדערייש[א]ן האבען באהויפטעט אז דער הויפט שולדיגער איז דזשאהן ל. לואיס, וועלכער דערלאזט ניט צו פרידען. דעם מאנאט זיינען ארויסגעקומען אייניגע פאקטען אין דער עפענטליכקייט וואס ווייזען, אז לואיס וויל ניט קיין פרידען און דערלאזט ניט אז דער קריג זאל פארענדיגט ווערען.

מיטוואך, דעם 14טען יוני, איז לואיס ארויסגעקומען מיט אן אפענער ערקלערונג ביי א מיטינג פון דער עקזעקוטיוו פון דער סי. אי. א., וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין וואשינגטאן, אין וועלכע ער האט אפען געזאגט, אז פרידען צווישען די צוויי טרייד־יוניאן קערפערשאפטען דורך פארהאנדלונגען, קען ניט געשאפען ווערען. צו פארווישען דעם איינדרוק וואס אזא ערקלערונג האט געמוזט מאכען אויף דער עפענטליכער מיינונג און אויף די ארגאניזירטע ארבייטער אין ביידע לאגערען, וואס פאדערען א סוף פון דעם ברודער־קריג, האט לואיס געמאכט א פערזענליכע אטאקע אויף אייניגע פירער פון דער פעדערייש[א]ן באשולדיגענדיג זיי אז זיי ווילען ניט קיין פרידען ווייל עס וועט זיי שעדיגען אין געוויסע געלט־אינטערעסען וואס זיי האבען פון אדווערטייזמענטס אין דעם אפיציעלען ארגאן פון דער פעדערייש[א]ן.... ער האט אויך באהויפטעט, אז די פראגע פון איינינקייט אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג איז פון קלענערער וויכטיגקייט ווי די פראגע פון ארגאניזירען די צוואנציג מיליאן אונארגאניזירטע ארבייטער וואס געפינען זיך נאך אין אמעריקע. ער האט דערביי אפנים פארגעסען, אז אזוי לאנג ווי דער קריג האלט אן, קען ניט קיין רייד זיין פון ארגאניזירען די מיליאנען ניט־ארגאניזירטע. די ערפארונג האט געוויזען אז דורך דעם לעצטען יאר האט די סי. אי. א. ניט גאר ווייניג נייע ארבייטער ארגאניזירט, נאר זי האט פארלארען מיטגלידער אפילו אין די אינדוסטריען וואס זיינען אריינגעצויגען געווארען אין די יוניאנס מיט דעם ערשטען אימפעט אין 1937. עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז די צוויי וויכטיגסטע נייע יוניאנס וואס די סי. אי. א. האט אויפגעבויט, אין דער אויטאמאביל און שטאל אינדוסטריען, האבען פארלארען א גרויסע צאל פון זייערע מיטגלידער דורך דעם לעצטען יאר.

נאר אפילו ווען דאס וואלט ניט געוועזן דערפאל, איז דער פלוצלונגער אנפאל פון לואיס'ן אויף די פירער פון דער פעדערייש[א]ן אין דער צייט, מילד גערעדט, אומגערעכט און זייער ניט טאקטיש. מען מוז געדענקען, אז אפיציעל הייסט עס אז די פרידענס פארהאנדלונגען צווישען די צוויי קערפערשאפטען זיינען נאך ניט אפגעבראכען נאר בלויז אפגעלייגט געווארען צוליב דעם וואס די מיינערס יוניאן האט געדארפט פארהאנדלען מיט די מיין־אייגענטימער וועגען באנייען איר אגרימענט. אנצופאלען אין אזא צייט אויף די מיט וועמען מען האלט אין פארהאנדלען וועגען אן אפמאך, קען בלויז האבען איין צוועק: צו מאכען אונמעגליך דעם סעטלמענט.

פון דעם ענטפער אויף דער אטאקע וואס איז דעם זעלבען טאג געגעבען געווארען פון די פעדערייש[א]ן פירער, איז נאך פארשטארקט געווארען דער איינדרוק אז דאס איז טאקע געווען די אורזאכע און דער צוועק פון לואיס'עס סטייטמענט. מעטיו וואל האט נאך א בארא־טונג מיט פרעזידענט גרין ארויסגעגעבען א סטייטמענט, אין וועלכען ער פארעפענטליכט דעם פאקט אז ביי די לעצטע פרידענס־פארהאנדלונגען האבען די פארטרעטער פון דער פעדערייש[א]ן נאכגעגעבען דער סי. אי. א. דעם וויכטיגסטען פונקט פון זייערע פאדערונגען. זיי האבען צוגעשטימט אז די סי. אי. א. יוניאנס זאלען צוריק אריינגענומען ווערען אין דער פעדערייש[א]ן מיט דער פארגרעסערטער יוריסדיקציע וואס זיי האבען זיך גענומען זינט דער שפאלטונג אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג. דאס איז פאקטיש מער ווי די אנערקענונג פון דעם פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאניזם אין די מאסען פראדוקציע אינדוסטריען, איבער וועלכע די סי. אי. א איז געגרינדעט געווארען. דאס אנערקענט אפילו די יוריסדיקציע פון דער מיינערס יוניאן איבער דער כעמישער אינדוסטריע, וועלכע האט גאר א קנאפען שייכות מיט קוילען גראבען; עס אנערקענט די יוריסדיקציע פון דער אמאלגאמייטעד אויף די קלינינג און דייאינג און לאנדרי טריידס, און ענלאכע יוריסדיקציעס. מיט דער קאנצעסיע איז פאקטיש אפגעשאפט יעדע בארעכטיגונג פאר אנהאלטען ווייטער די שפאלטונג אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג. אויב נאך דעם האט לואיס געפונען פאר נויטיג ארויסצוקומען מיט זיין סטייטמענט אז קיין פרידען דורך פארהאנדלונגען קען ניט דערגרייכט ווערען, זוכט ער פשוט צו פארלויפען דעם וועג אום צו פארהיטען אז עס זאל חלילה ניט קומען צו קיין שלום.

## קאמף צווישען די פראקציעס אין דער אוטא־אינדוסטריע ווערט שארפער

דער קאמף צווישען די צוויי טיילען פון די ארגאניזירטע אוטאמאביל ארבייטער, צווישען די וואס זיינען פארבליבען מיט דער סי. אי. א. און דער מארטין גרופע, איז דעם מאנאט פארשארפט געווארען נאך מער, ביז עס איז געקומען צו פיזישע צוזאמענשטויסען צווישען די ארבייטער ארום אייניגע פאבריקען.

מארטין האט דעם מאנאט זיין גרופע אפיציעל אנגעשלאסען אן דער א. פ. או ל. דעם פינפטען יוני האט ער באקאנט געמאכט אז אין דעם רעפערענדום וואס זיינע אנהענגער האבען געשטימט וועגען אנשליסען זיך אן דער פעדערייש[א]ן, האבען זיך באטייליגט איבער 70,000 מיטגלידער און קארגע 67 טויזענט פון זיי האבען געשטימט פאר אנשליסען זיך. מארטין באהויפטעט, אז דער טשארטער וואס די פעדערייש[א]ן גיט אים, איז אן אינדוסטריעלער, דאס הייסט, אז די פעדערייש[א] אנערקענט די יוריסדיקציע פון דער אוטאמאביל ארבייטער יוניאן אויף אלע ארבייטער אין דער אוטא, עראפלאן און פארם מאשינערי אינדוסטריע, אן אונטערשייד ביי וועלכען פאך זיי ארבייטען. דער פירער פון דער אינטערנעשאנעל אסאסיאיישאן אוו מאשיניסטס לייקענט עס און באהויפטעט אז די טול און דאי ארבייטער בלייבען אונטער דער יוריסדיקציע פון דער מאשיניסטען יוניאן. אויב דאס לעצטע איז ריכטיג, האט מארטין פאקטיש פארקויפט דעם פרינציפ פון אינדוסטריעלען יוניאניזם פאר א טשארטער פון דער פעדערייש[א]ן און האט דערמיט געמאכט אונמעגליך אריבערצוגעווינען אויף זיין זייט די אוטא ארבייטער. יענע ווייסען זייער גוט פון ערפארונג די וויכטיגקייט פון האבען מיט זיך אין איין יוניאן די הויפט געלערנטע ארבייטער פון טרייד און וועלען אזא קאנצעסיע ניט דולדען.

די סי. אי. א. גרופע האט געזיגט אין דעם קאמף וואס זיי האבען אנגעפירט אין דער בריגס פעקטארי לעצטען מאנאט. די מארטין גרופע, כדי צו געגענווירקען דעם איינדרוק וואס דאס האט געמאכט אויף די ארבייטער און דער עפענטליכער מיינונג, האט גערופען דעם מאנאט סטרייקס אין אייניגע דזשענעראל מאטארס פאבריקען אין פלינט און סאגינא. סטרייקס זיינען ערקלערט געווארען אין דער אייזען גיסעריי פון דער דזשענעראל מאטארס אין סאגינא און אין די פישער־באדי פאבריקען אין פלינט, צו צווינגען די קאמפאני אנערקענען זייער פראקציע אלס די פארטרעטער פון די ארבייטער. די סי. אי. א. פראקציע האט ערקלערט אז זיי אנערקענען ניט דעם סטרייק און זיינען אוועק ארבייטען אין די פאבריקען אונטער'ן שוץ פון דער פאליציי פון שטאט און סטייט. עס זיינען פארגעקומען עטליכע בלוטיגע צוזאמענשטויסען צווישען די סטרייקערס, פאליציי און די סי. אי. א. ארבייטער, אין וועלכע א פאר צענדליג ארבייטער זיינען פארוואונדעט געווארען. דער סטרייק איז, ווי עס ווייזט אויס, געבראכען געווארען. מארטין האט אבער ערקלערט אז ער האט אפגעהאלטען א זיג און אז די קאמפאני האט פארשפראכען צו אנערקענען זיין יוניאן.

א בלוטיגער צוזאמענשטויס איז אויך פארגעקומען צווישען אוטא סטרייקער און פאליציי אין מילוואקי. די סי. אי. א. פראקציע האט דארט ערקלערט א סטרייק אין דער אליס טשאלמערס פעקטארי, וועלכע האט זיך אנטזאגט צו באנייען דעם אגרימענט. אין א פארזוך אפצושטעלען די אפיס ארבייטער, איז פארגעקומען א בלוטיגער צוזאמענשטויס און דרייצען מענשען זיינען פארוואונדעט געווארען.

דערווייל איז פון די אלע צוזאמענשטויסען קיין אנטשיידענדע רעזולטאטען נישטא. די אוטאמאביל בעלי בתים אנערקענען פאקטיש ניט קיינע פון די צוויי יוניאנס. דאס רופט זיך אפ שלעכט אויף די מיטגלידער און פילע פאלען ארויס פון דער יוניאן. די מיטגלידער צאל אין ביידע יוניאנס איז איצט ניט פיל מער ווי א העלפט פון דעם וואס עס איז געווען מיט א יאר צוריק.

## קאמף גייט אריין אין די געריכטען

דער קאמף צווישען דער א. פ. או ל. און דער סי. אי. א. גייט אריין וואס ווייטער אלץ מער אין די געריכטען. די עקזעקוטיוו באארד פון דער סי. אי. א. האט ביי איר לעצטען מיטינג אין וואשינגטאן אויטאריזירט אירע פארטרעטער אנצוקלאגען פעדערייש[א]ן יוניאנס אין די געריכטען און זוכען צו קריגען שאדען־ערזאץ פאר באיקאטירען פראדוקטען וואס ווערען געמאכט פון סי. אי. א מיטגלידער. אלס רעזולטאט פון דעם באשלוס, האט די עלעקטריקאל און ריידיא ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א. יוניאן פארלאנגט אן אינדזשאנקשאן געגען דער עלעקטרישענס יוניאן און א צאל קאנטראקטארס און פאדערט איבער א פערטעל מיליאן דאלאר שאדענערזאץ.

פון דער צווייטער זייט, האבען די אלומינום ארבייטער יוניאן און די האלץ ארבייטער אפטיילונג פון דער פעדערייש[א]ן אריינגעבראכט קלאגען אין געריכט געגען די סי. אי. א. יוניאנס אין די טריידס, באשולדיגענדיג זיי אין קאנספיראציע צו פארניכטען די יוניאנס.

## פאליטישע רעאקציע געגען די ארבייטער פארשטארקט

אין דער צייט וואס די צוויי פראקציעס אין דער אמעריקאנער טרייד־יוניאן באוועגונג זיינען פארנומען מיט רייסען זיך צווישען זיך, ווערט די פאליטישע רעאקציע געגען די ארבייטער אלץ שטארקער. דער אנגריף פון די נעשאנעל מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, פון די רעאקציאנערע געזעצגעבער אין וואשינגטאן און אין די פארשידענע סטייטס ווערט אלץ געוואגטער און חוצפה'דיגער.

אויף אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „גערעכטיגקייט" וועט דער לייענער געפינען א קארעספאנדענץ פון ברודער בערנארד שעהן, דער אינטערנעשאנעל פארטרעטער אין מאנטרעאל, וואו ער באשרייבט ווי אזוי די פראווינציעלע רעגירונג פון קוויבעק האט אים אנגעקלאגט פאר ברעכען דעם געזעץ וואס פארבאט יוניאנס איינשטעלען קלאוזד יוניאן שאפס. דער געזעץ איז אנגענומען געווארען ניט לאנג צוריק און איז געצילט צו מאכען אונמעגליך פאר די אינטערנעשאנעל יוניאנס צו פונקציאנירען אין יעדער פראווינץ. אין וואשינגטאן איז די רעאקציאנערען געלונגען דורכצופירען א געזעץ־פראיעקט אין קאנגרעס, פארקריפלענדיג די וו. פ. א. און הויפטזעכלאך צו פארניכטען די מעגליכקייט פון די ארבייטסלאזע אויף די פראיעקטען צו זיין ארגאניזירט אין א יוניאן. דער נייער געזעץ שרייבט פאר אז די אלע וואס ארבייטען פאר דער וו. פ. א. 18 מאנאטען דארפען אפגעלייגט ווערען פאר דריי מאנאטען צייט און אויב זיי

האבן ניט פון וואנען צו לעבען זאלען זיי גיין אויף רעליף.

אין מינעסאטא האבען איצט די יוניאנס פאר זיך א פראבלעמע צי זאלען זיי זיך יא רעדזשיסטרירען, ווי דאס פאדערט דער נייער געזעץ געגען יוניאנס, וואס איז אין יענעם סטייט אנגענומען געווארען אונטער דער פירערשאפט פון דעם ניי־ערוויילטען רעפובליקאנעם גאווערנאר, אדער ניט. די יוניאנס אין די טריידס וואס פאלען אונטער דעם צווישען־שטאטען האנדעל, קענען מעגליך זיך אנטזאגען אויסצופאלגען אט דעם סטייט געזעץ און אים באקעמפען. די ארבייטער אין טריידס אבער וואס ארבייטען בלויז אין סטייט, האבען זיך געמוזט רעדזשיסטרירען. דער געזעץ מאכט פאקטיש אונמעגליך אנצופירען א סטרייק. עס שרייבט פאר אז א יוניאן מוז געבען דעם ארבייטסגעבער צוואנציג טעג נאטיס איידער זי ערקלערט א סטרייק. דורך דער צייט דארף דער סטייט קאנסיליאייטאר פרובירען שליכטען דעם סכסוך. ער האט אויך דאס רעכט צו ארדערען דער יוניאן געבען דעם בעל הבית נאך דרייסיג טעג נאטיס איידער זי רופט דעם סטרייק. דאס הייסט פאקטיש, אז א יוניאן קען געצוואונגען ווערען געבען דעם ארבייטס־געבער צוויי מאנאטען צייט צוצוגרייטען זיך פאר א סטרייק. ער קען דורך דער צייט זיך אנגרייטען מיט סטאק, עפענען א פאבריקעל ערגעץ אנדערש און בכלל מאכען אונמעגליך פאר די ארבייטער צו געווינען. ווען א סטרייק ברעכט דאך אויס טאר קיינער ניט פיקעטען דעם פלאץ אויסער די וואס האבען אין דער פאבריק געארבייט, און פילע אנדערע באגרעניצונגען.

אין אילינאי האבען די געזעצגעבער פרובירט דורכפירען אן ענליכען געזעץ ווי דער פון מינעסאטא (ענליכע געזעצען זיינען אגב אורחא אנגענומען געווארען לעצטענס אין ארעגאן, וויסקאנסין, פענסילווייניא און מישיגען. אין מאנכע שטרענגער אין אנדערע לייכטער); אין אילינאי האבען זיך אבער פאראייניגט געגען דעם געזעץ די יוניאנס פון דער פעדעריישען און פון דער סי. אי. א. וויקטאר האלענדער, סעקרעטער פון דער אילינאי פעדערישאן אוו לייבאר, האט אפעלירט צו אלע יוניאנס צו פאראייניגען זיך אין קאמף געגען דעם געזעץ־פראיעקט. עס האבען זיך פאראייניגט די פעדערישאן, די סי. אי. א. יוניאנס און די רעילווי בראדערהודס. די פאליטישענס האבען זיך דערשראקען פאר די פאראייניגטע ארבייטער. דער באס פון דער רעפובליקאנער פארטיי אין סטייט האט זיך גלייך אפגעווארפען פון דעם פראיעקט און דערוויל איז דער געזעץ דורכגעפאלען.

דאס האט פונדעסטוועגען ניט געשטערט דעם סטייט סופרים קאורט פון אילינאי צו פסק'ענען אז ארבייטער וואס זיינען ניט באשעפטיגט אין א פירמע טארען ניט פיקעטען דעם שאפ. די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען אויף אן אפיל פון דער העיר־דרעסערס יוניאן געגען וועמען א ביוטי פארלאר באס האט ארויסגענומען אן אינדזשאנקשאן, פארבאטענדיג דער יוניאן צו האלטען פיקעטס ארום זיין פלאץ אויפ'ן גרונט וואס די ארבייטער זיינע זיינען ניט אין סטרייק און באלאנגען ניט צו דער יוניאן. דער סופרים קאורט האט באשטעטיגט דעם אורטייל פון נידעריגערן געריכט, ערקלערענדיג אז די רעכט פון ארבייטער צו ארבייטען איז פונקט אזוי הייליג ווי דאס רעכט פון אנדערע ארבייטער צו סטרייקען. און דאס רעכט פון ארבייטער וועלכע אנטזאגען זיך צו סטרייקען אדער באלאנגען צו א יוניאן מוז באשיצט ווערען.

### גאנצע ארבייטער באוועגונג פאראינטערעסירט אין אפיל פון דער האזיערי ארבייטער יוניאן

דעם מאנאט איז אין דעם יונייטעד סטייטס סוירקיט קאורט אוו אפילס אין פילאדעלפיא אויסגעהערט געווארען דער אפיל פון ברענטש איינס פון דער האזיערי ארבייטער יוניאן געגען דער אנטשיידונג פון א נידעריגערן געריכט וואס האט באשטראפט די יוניאן צו צאלען דער אפעקס האזיערי קאמפאני איבער דריי פערטעל מיליאן דאלאר שאדענערזאץ פאר דעם זיץ־סטרייק וואס די ארבייטער האבען דארט אנגעפירט אין 1937. דער געריכט האט צוגע'פסק'ענט דער פירמע די סומע שאדענערזאץ אונטער דעם שערמאן אנטי־טראסט געזעץ וואס שרייבט פאר דריי מאל די סומע פון ווירקליכען שאדען וואס איינער ליידט דורך א קאנספיראציע צו שטערען דעם האנדעל צווישען שטאטען. אזוי ווי דער שאדען וואס די אפעקס פירמע האט געליטען דורכ'ן סטרייק אין צעבראכענע מאשינערי, איבערגעפירטע הארע און פארלוסטען אין פראפיטען, איז באשטימט געווארען פון דעם רעפערי אויף א פערטעל מיליאן דאלאר, האט דאס געריכט צוגע'משפט אז די יוניאן זאל באצאלען דער פירמע דריי מאל אזוי פיל.

אין דעם אפיל איז פאראינטערעסירט די גאנצע ארבייטער באוועגונג. אויסער די לאיערס פאר דער פעדערישאן אוו פול פעשאנד האזיערי וואירקערס יוניאן און דער סי. אי. א., וועלכע האבען אנגעפירט מיט דעם אפיל פאר דער יוניאן, זיינען ביי די פארהערען אויך אויפגעטראטען לאיערס פאר דער סיוויל ליבערטיס יוניאן און פאר דער לאיערס גילד. עטליכע ארגאניזאציעס האבען אויך צוגעשטעלט „בריעפס" אין געריכט.

דער אפיל איז באזירט אויף דער טענה פון דער יוניאן און פון דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג, אז יוניאנס קענען ניט גע'משפט ווערען אונטער'ן שערמאן אנטי־טראסט געזעץ, ווייל דער קלעיטאן עקט, וועלכער איז אנגענומען געווארען אלס אמענדמענט צום שערמאן געזעץ, מאכט בפירוש אן אויסנאם פאר ארבייטער יוניאנס. די לאיערס האבען אויך אנגעוויזען, אז ווען א יוניאן זאל קענען גע'משפט ווערען אונטער'ן טראסט־געזעץ, וועט עס איינגאנצען צונישט מאכען די רעכטען וואס די יוניאנס האבען געקראגען דורך דעם וואגנער אקט. דער נידעריגער געריכט האט אבער געאורטיילט, אז ווען א יוניאן באנוצט זיך מיט אומגעזעצליכע מיטלען, ווי א זיץ סטרייק, צו דערשלאגען זיך אירע רעכטען, פארלירט זי דערמיט די פריווילעגירטע לאגע און פאלט ארונטער אונטער'ן אנטי־טראסט געזעץ. עס איז אט דער פונקט וואס דארף ענטשידען ווערען איינמאל פאר אלעמאל דורך דעם איצטיגען אפיל.

ווי וויכטיג אט די ענטשיידונג איז פאר אלע יוניאנס איבער'ן גאנצען לאנד קען יעדער איינער פארשטיין. זיך שטיצענדיג אויף דער ענטשיידונג פון נידעריגען געריכט אין דער אפעקס קעיס, האבען א צאל אנדערע בעלי בתים אנגעקלאגט יוניאנס אין זייערע טריידס פאר שאדען ערזאץ אויפ'ן זעלביגען גרונט. די וויכטיגסטע פון זיי איז די קלאגע פון דער רעפאבליק סטיל געגען דער סי. אי. א. וועלכע מיר האבען באשריבען אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט". אויב אט די ענטשיידונג זאל ניט אומגעווארפען ווערען, וועלען די יוניאנס און פילע אנדערע זיין אין געפאר פון פארניכטעט ווערען. ווען די שורות ווערען געשריבען איז נאך דער אורטייל ניט ארויסגעגעבען. וואס אבער דער אורטייל פון דעם אפעלאציאנס געריכט זאל ניט זיין, וועט עס אפעלירט ווערען צום סופרים קאורט.

### רייסערייען אינערהאלב יוניאנס

אין צוויי יוניאנס האבען דעם מאנאט אויסגעבראכען אינערליכע קאמפען. אין דער יוניאן פון טונעל גרעבער אין ניו יארק, וועלכע זיינען אנגעשלאסען אן דער האדקעריערס און קאמאן לעיבארערס אינטערנעשאנעל יוניאן פון דער א. פ. אוו ל., איז דער קאמף צווישען דעם לאקאל און דער אינטערנעשאנעל אריין אין געריכט. דער לאקאל, וועלכער האט 1,700 מיטגלידער, האט זיך געווענדעט אין מאנהעטען סופרים קאורט פאר אן אינדזשאנקשאן געגען זייער אינטערנעשאנעל פרעזידענט דזשאזעף מארעשצי, וועלכער, זאל אים פארבאטען איבערצונעמען דעם לאקאל, די אייגענטום און די ביכער פון דער ארגאניזאציע.

כאראקטעריסטיש זיינען די טענות פון די צוויי צדדים אין זייערע קלאגעס איינער געגען צווייטען. די אינטערנעשאנעל טענה'ט, אז דזשיימס גאלאגהער, פרעזידענט פון לאקאל 147 און זיינע מיטבעאמטע פירען זיך ניט אויף ווי געהעריג איז. ווייל זיי זוכען צו פארשמעלצען זיך מיט אנדערע לאקאל יוניאנס פון דער זעלביגער אינטערנעשאנעל און זיי באהערשען. דעריבער וויל די אינטערנעשאנעל אונטערזוכען די קלאגען און פארלאנגט אז דער לאקאל זאל זיי צושטעלען די ביכער. די פירער פון לאקאל ווידער טענה'ן, אז מארעשצי און זיינע וויס־פרעזידענטען און ארגאנייזערס זיינען איבערהויפט ניט געזעליך די פארטרעטער פון דער יוניאן, ווייל די אינטערנעשאנעל האט גאנצע זעקס און דרייסיג יאר ניט געהאלטען קיין קאנווענשאן. די אלע בעאמטע פון דער אינטערנעשאנעל זיינען קיין מאל ניט ערוויילט געווארען פון די מיטגלידער, נאר האבען זיך איינע די אנדערע אפאינטעט צו די עמטער וואס זיי פארנעמען.

דער לאיער פון דער אינטערנעשאנעל האט די באשולדיגונג גאר ניט געלייקענט. ער האט בלויז קארעגירט, אז עס איז ניט קיין 36 יאר, נאר 28 יאר זינט עס איז געהאלטען געווארען די לעצטע אינטערנעשאנעל קאנווענשאן. אי, טאמער איז 28 יאר אויך אביסעל צופיל, ווייזט ער אן אויף דער קאנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכע לויטעט, אז אלע פינף יאר דארף מען האלטען א רעפערענדום און די מיטגלידער שטימען אויב זיי ווילען א קאנווענשאן. אזא רעפערענדום, זאגט דער פרעזידענט, איז אפגעהאלטען געווארען יעדעס מאל און די מיטגלידער האבען געשטימט געגען א קאנווענשאן. דער לעצטער רעפערענדום איז אפגעהאלטען געווארען אין 1936. זיי האבען נאך, אלזא, צוויי יאר צייט ביז דעם נעקסטען רעפערענדום און זיי זיינען דעריבער די געזעצליכע פירער פון דער יוניאן.

קען זיין, אז פון שטאנדפונקט פון געזעץ איז פרעזידענט מארעשצי גערעכט. דאס איז אבער אזא מין דעמאקראטי וועלכע גיט דער טרייד־יוניאן באוועגונג קיין געזונט ניט צו. עס איז שוין זיכער צייט, אז די א. פ. אוו ל. זאל זיך מער צוקוקען וואס עס טוט זיך אין אירע אינטערנעשאנעל יוניאנס און ניט ווארטען ביז א געריכט וועט באשטימען וואס מען מעג און וואס מען טאר ניט טאן אין א יוניאן.

א קאמף האט זיך דעם מאנאט אויך פאנאנדערגעפלאקערט אין דער נעשאנעל מעריטיים יוניאן פון דער סי. אי. א. די גאלף אפטיילונג פון דער יוניאן האט זיך פאקטיש אפגעריסען פון דער נאציאנאלער ארגאניזאציע און זיך ערקלערט כמעט זעלבסטשטענדיג.

דער באשלוס צו ערקלערען זיך זעלבסטשטענדיג איז געמאכט געווארען ביי א קאנפערענץ פון די דיסטריקט פירער פון די גאלף פארטען. די הויפט פונקטען אין דער פראגראם וואס זיי האבען פארעפענטליכט, זיינען: 1) איגנארירען די נאציאנאלע קאמיטע פון דער יוניאן אויפ'ן גרונט וואס זי ווערט דאמינירט פון קאמוניסטען; 2) אויפהערען צאלען די פער־קאפיטא צו דער נאציאנאלער קאמיטע; 3) ארויסגעבען אן אייגענע צייטשריפט אין קאנקורענץ מיט דעם אפיציעלען ארגאן פון דער יוניאן „די פיילאט", און 4) ארויסווארפען פון די עמטער אין גאלף־דיסטריקט די אלע בעאמטע וועלכע זיינען קאמוניסטען.

דער קאמף אין דער יוניאן איז אייגענטליך ניט איינגאנצען קיין נייער. עס האט זיך נאך אנגעהויבען פאר־א־יארען פאר די וואלען, ווען דזשערי קינג מיט א צעטעל קאנדידאטען זיינען געלאפען געגען קאראן און זיין אדמיניסטראציע אויפ'ן גרונט אז די יוניאן ווערט דאמינירט פון דער קאמוניסטישער פארטיי. קינג איז ערוויילט געווארען אלס סעקרעטער־טרעזשורער פון דער יוניאן און קאראן איז געבליבען פרעזידענט.

מיט אייניגע וואכען צוריק האט קאראן אנגעקלאגט קינג'ן אין אנטי־יוניאן טעטיגקייטען. ער האט אים באשולדיגט אז ער האט זיך פארקויפט צו די באסעס און זיי געדינט אלס אגענט אין דער יוניאן. א קאמיטע פון זעקס, דריי פון אטלאנטיק דיסטריקט און דריי פון גאלף דיסטריקט, זיינען באשטימט געווארען אים צו משפטען און האבען אים געפונען שולדיג. זיי האבען אים סוספענדירט פון דער יוניאן אויף 99 יאר.

נאך'ן טרייעל האבען די דריי פארטרעטער פון דעם גאלף דיסטריקט אויף דער טרייל קאמיטע אויסגעשוואָרען אפידייוויטס, אז זיי האבען צוגעשטימט צום אורטייל בלויז דערפאר וואס מען האט זיי געסטראשעט מיט קלעפ. זיי באהויפטען, אז די קלאגעס געגען קינג איז א פרעים־אפ פון די קאמוניסטען, וועלכע זוכען פון אים פטור ווערען. איצט טענה'ט קינג אז ער איז נאך אלץ דער געזעצליכער סעקרעטער־טרעזשורער פון דער יוניאן, ווייל לויט דער קאנסטיטוציע מוז אן אורטייל גוטגעהייסען ווערען פון די פארטרעטער פון צוויי דיסטריקטען, און אזוי ווי די פארטרעטער פון גאלף דיסטריקט שטימען ניט צו צום אורטייל, קען מען אים ניט ארונטערזעצען. די יוניאן איז דערווייל געשפאלטען און די אנגעלעגענהייט וועט נאך ווארשיינליך אויסגעפאכטען ווערען אין געריכט.

### סעטלמענטס דעם מאנאט

די ניוספייפער גילד, די יוניאן פון צייטונגס־שרייבער, האט דעם מאנאט פארעפענטליכט א באריכט פון די אגרימענטס וואס זי האט אונטערגעשריבען מיט בעלי בתים דורך די לעצטע דריי מאנאטען. די גילד איז א פארהעלטניסמעסיג יונגע יוניאן. די צייטונגס־שרייבער האבען זיך פריהער באטראכט ווי פראפעסיאנאלן, וועמען עס שטייט נישט אן צו באלאנגען צו א יוניאן ווי פשוט'ע ארבייטער. זיי זיינען טאקע דעריבער געווען אנגעוויזען אויף דעם חסד פון די צייטונגס־ארויסגעבער, וועלכע האבען זיי געגעבען גאנץ מאגערע קעסט. ערשט אין קריזיס, אין 1934, האבען זיי זיך ארגאניזירט אין א יוניאן און האבען אנגעהויבען פאדערען פאר זיך אויך ברויט צו די ביסעל כבוד וואס זיי האבען געהאט. דורך די פיר יאר האבען זיי זייער פיל דערגרייכט. די יוניאן האט איצט די גרעסטע צייטונגען אין לאנד אונטער

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאַל


י געוויינליך אין דער צייט פון יאָר, איז דער פאַרגאַנגענער מאָנאַט געווען אַ שטילער אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע און דעריבער איז עס אויך געווען פאַרהעלטניסמעסיג רואיג אין אונזערע יוניאָנס. אין די מערסטע טריידס און צענטערס ווערען איצט געמאַכט צוגרייטונגען צום קומענדען סעזאָן. די אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט איז איינגעצויגען. מען ענדיגט אָפּ די קאַמפּעינס וואָס זיינען פאַרבליבען פון לעצטען סעזאָן און מען מאַכט פאַרבערייטונגען און פּלענער פאַר שפּעטער, ווען די ארבייט פאַר'ן פאַל סעזאָן וועט זיך אָנפאַנגען. אין די שעפּער איז מען פאַרנומען מיט מאַכען סעמפּעלס און דופּליקייטס און סעטלען פּרייזען. קיין סך נייעס איז דעריבער דעם מאָנאַט נישטאָ. אין גאַנצען שטיל איז אָבער אין אונזערע יוניאָנס קיין מאָל ניט און אויך דעם מאָנאַט זיינען פאָרגעקומען וויכטיגע פּאַסירונגען.

## פּרייז סעטעלמענטס אין קלאָוק טרייד

די קלאָוק דזשאָינט באָאַרד אין ניו יאָרק איז איצט פאַרנומען מיט סעטלען פּרייזען פאַר'ן פאָל-סעזאָן. אין דער ביליגער לאַין ארבייט שטויסט זיך די יוניאָן אָן מאַנכע שוועריגקייטען. ווי באַוואוסט האָט דער דזשאָינט באָאַרד באַשלאָסען איינצושטעלען שטיק-ארבייט אין די סעקשאָן ארבייט שעפּער דורך סעטלען מיט'ן דזשאָבער די פּרייזען פון שטיק פאַר'ן גאַנצען גאַרמענט און נאָכדעם איינטיילען די באַזונדערע פּרייזען פאַר דער ארבייט אין יעדען פאַך. כדי דאָס דורכצופירען האָט די יוניאָן באַפוילען אָפּצושטעלען די ארבייט אין די שעפּער ביז די פּרייזען פאַר די גאַרמענטס וועלען געסעטעלט ווערען. אין פאַרבינדונג דערמיט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מאַנכע טשעין סטאָר קיפּערס צאָלען אַזוינע נידעריגע פּרייזען פאַר די גאַרמענטס, אַז די מאַנופעקטשורערס באַהויפּטען, אַז זיי קענען ניט צאָלען די יוניאָן פּרייזען פאַר דער ארבייט.

ווי י. ברעסלאַו, טשערמאַן פון דער פאַרוואַלטונגס-קאָמיטע פון דער דזשאָינט באָאַרד גיט איבער, איז די ארבייט אָפּגעשטעלט געוואָרען פאַר אַ גרויסע צאָל דזשאָבערס צווישען וועלכע עס זיינען די „מיראַקל גוירל“, „מאַריאַנא גוירל“, „דזשעק באָראַדקין“, „מאַרסי קלאָוק“, „טשאַרני ענד קאָרפּ.“, „ניו יאָרק גוירל“, „הייטש ענד דזשי בלאַק“, „סמאַרט מעיד“ און „לעסער קאָוט“. אין אַלע פאַלען האָט ברודער נאַגלער, מענעדזשער פון לאָקאַל 10, פאָלשטענדיג געהאָלפען דורך אָפּשטעלען די קאָטערס וואָס ארבייטען פאַר די דזשאָבערס.

ברעסלאַו האָט אויך באַריכטעט, אַז דורך דעם קאַמפּיין וואָס די קלאָוק דזשאָינט באָאַרד האָט אָנגעפירט סוף ספּרינג סעזאָן געגען די ניטסט יוניאָן שעפּער, איז שוין ביז איצט געלונגען צו יוניאָניזירען 15 גרויסע דזשאָבערס. צווישען זיי זיינען געווען עטליכע וועלכע מען האָט ביז איצט באַטראַכט ווי ניט-יוניאָן פעסטונגען, צו וועלכע מען קען ניט צוקומען. די פירמעס זיינען איצט צום ערשטען מאָל געצוואונגען געוואָרען אונטערצושרייבען יוניאָן אַגרימענטס. דער קאַמפּיין, האָט ברעסלאַו פאַרזיכערט, וועט פאַרגעזעצט ווערען אויך ווייטער מיט פולער קראַפט. די יוניאָן וועט אויך פאָרזעצען דעם קאַמף צו יוניאָניזירען די טשעין סטאָרס און מעיל אָרדער הייזער און וועט אויך אָנהויבען אַן ענערגישען קאַמף צו קריגען פולען קאָנטראָל איבער די שעפּער וואו עס ווערען געמאַכט די מעניש סטייל סוטס און די סנאָו סוט און זיפּער שעפּער.

## קאַפּלאַן ערוויילט מענעדזשער פון קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל

אין די וואַלען פאַר אַ נייע אַדמיניסטראַציע אין דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117, וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען דאָנערשטאָג, דעם 15טען יוני, איז ערוויילט געוואָרען אַ מאַיאָריטעט פון די אָפּאָזיציע קאַנדידאַטען. בענדזשאַמין קאַפּלאַן, דעפּאַרטמענט מענעדזשער פון דער דזשאָינט באָאַרד, איז ערוויילט געוואָרען אלס מענעדזשער פון לאָקאַל מיט אַ פּלוראַליטעט פון איבער עלף הונדערט שטימען איבער דעם אַדמיניסטראַציע קאַנדידאַט ברודער ראובן צוקערמאַן, געוועזענער טשערמאַן פון לאָקאַל און עקטינג מענעדזשער.' צוזאַמען מיט קאַפּלאַנען זיינען ערוויילט געוואָרען ב. באָדלענדער אלס טשערמאַן פון לאָקאַל, 14 ביזנעס אַגענטען פון דעם אָפּאָזיציע צעטעל און 21 עקזעקוטיוו באָאַרד מיטגלידער. פון די אַדמיניסטראַציע אָנהענגער זיינען ערוויילט געוואָרען 10 ביזנעס אַגענטען און 9 עקזעקוטיוו באָאַרד מיטגלידער.

דער געוועזענער מענעדזשער פון לאָקאַל, ברודער לואיס ליווי, האָט זיך אָנטזאָגט צו לויפען פאַר'ן אַמט איבער זיין שוואַכען געזונט. אָנשטאָט אים איז אויפ'ן אַדמיניסטראַציע צעטעל געלאָפען ראובן צוקערמאַן אלס קאַנדידאַט פאַר לאָקאַל מענעדזשער. קאַפּלאַן איז ערוויילט געוואָרען צום אַמט מיט 3,629 שטימען געגען די 2,479 שטימען וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פאַר ב. צוקערמאַן. פאַר'ן אַמט פון טשערמאַן איז ערוויילט געוואָרען ב. באָדלענדער מיט 2864 שטימען און דער אַדמיניסטראַציע קאַנדידאַט ל. געלפאַר האָט געהאַט 2,351 שטימען. אלס ביזנעס אַגענטען זיינען ערוויילט געוואָרען פאָלגענדע: י. באָרוכאָוויץ מיט 3160 שטימען; מ. באַגנא — 2735; מ. פיינבערג—2,658; א. איזענבערג—2633; איזידאָר קאָהען—2,566; ה. ליבאָו—2,574; ב. גאָלוב—2,502; מ. קושנער—2,473; ל. גאָלדסטיין—2,471; י. עטקין—2,456; ס. דייווים—2,426; ג. היינס—2,416; ג. גאָלדין—2,384; ב. פרידלאַנד—2,370; י. וויינסטיין—2,304; י. גאָלד—2,299; פ. קאופמאַן—2,284. די אַלע זיינען פון געוועזענעם לאָקאַל 1. פון געוועזענעם לאָקאַל 17 זיינען ערוויילט געוואָרען י. העלער מיט 2,833 שטימען; א. בעלסאָן—2,579; ל. ליפּסקי—2,556; מעקס ב. קאָהען—2,394; י. סניידער—2,387; און מאַרטין ל. קאָהען מיט 2,382 שטימען. פון געוועזענעם לאָקאַל 3 איז ערוויילט געוואָרען ד. רובין מיט 2,053 שטימען. אויף דער עקזעקוטיוו באָאַרד זיינען ערוויילט געוואָרען: ס. טשייקין, י. קופּער, מ. באַביט, י. דייטש, א. אַבראַמסאָן, מ. בערגער, י. גאָלדבערג, ל. פאַרבער, י. בעלזער, ס. לעפקאָוויץ, ד. לעווינסאָן, ה. מילער, ל. אַלאָנאָף ס. בלום, י. גאָלדענבערג, י. לעווענסאָן, ב. רובינשטיין, ר. גראָזאַלסקי י. דייטש און י. מאָסקאָוויץ. די אַלע פון געוועזענעם לאָקאַל 1. פון געוועזענעם לאָקאַל 17 זיינען ערוויילט געוואָרען י. קאָהען, א. קלאָקס, ל. קלאָץ, אבא שאַפּיראָ, ל. באַלבער, ל. מילער און מ. העכט. פון געוועזענעם לאָקאַל 3 זיינען ערוויילט געוואָרען י. ביאַלער, אָ. פיק און א. רייטמאַן.

דער קאַמפּיין איז געווען איינער פון די היציגסטע וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל פאַר אַ לאַנגע צייט. די הויפּט אישוס וואָס די צוויי צדדים האָבען אַרויסגעשטעלט, איז געווען דער „פאַראייניגטער פראָנט“ און דאָס לעגאַליזירען פון סעקשאָן ארבייט. די אַדמיניסטראַציע איז אַרויסגעקומען פאַר אָנהאַלטען די קאָאַליציע פון די פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען אין דער יוניאָן ווי דאָס איז איינגעשטעלט געוואָרען דורך די לעצטע פּאָר יאָר אין דעם לאָקאַל ווען די נאָכפאָלגער פון די פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען האָבען זיך איינפאַרשטאַנען אויף אַ באַשטימטער פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטערשאַפט אין די עמטער און האָבען צוזאַמען געאַרבייט. די אָפּאָזיציע איז אַרויסגעטראָטען מיט דעם לאָזונג, אַז פּאָליטישע גרופּען טאָרען ניט באַהערשען די יוניאָנס און פאָלגליך טאָר ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר קאָאַליציעס פון פאַרטרעטער פון פּאָליטישע גרופּירונגען אין דער יוניאָן. „די יוניאָן דאַרף געפירט ווערען פון די קלאָוקמאַכער — האָט די אָפּאָזיציע גע'טענה'ט — פאַר דעם נוצען פון די קלאָוקמאַכער, אָן אונטערשייד צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי אָדער פּאָליטישער גרופּע זיי געהערען אויסער דער יוניאָן“. אויפ'ן אינדוסטריעלען געביט איז די אָפּאָזיציע אַרויסגעטראָטען געגען לעגאַליזירען די סעקשאָן ארבייט סיסטעם. אייניגע פון זיי זיינען אַפילו אַרויסגעטראָטען פאַר פאַרבאָטען סעקשאָן ארבייט אינגאַנצען. אין דעם אָבער זיינען ניט אַלע פון דער אָפּאָזיציע געווען איינשטימיג. קאַפּלאַן אַליין און די הויפּט אונטערשטיצער זיינען ווי באַגנא און אַנדערע, געווען פאַר ניט דערלאָזען מער שעפּער אַריבערגיין אויף סעקשאָן ארבייט און ארבייטען דערפאַר אַז די שעפּער וואו די סיסטעם איז שוין איינגעפירט זאָלען ביסלאַכוויז אַריבער אויף דער סיסטעם וואו יעדער אָפּערייטאָר נייט אַ גאַנצען גאַרמענט, אָבער ניט פאַר אַ באַלדיגען פאַרבאָט אויף סעקשאָן ארבייט אין אַלע שעפּער וואו דער סיסטעם איז שוין איצט איינגעפירט.

מיט דעם זיג פון דער אָפּאָזיציע איז קלאָר, אַז די קלאָוק אָפּערייטאָרס זיינען געגען דעם אַזוי גערופענעם „פאַראייניגטען פראָנט“ אין דער יוניאָן. זיי זיינען געגען די פּאָליטישע גרופּירונגען און דיעלס, ווי דאָס איז איינגעפירט געוואָרען ביז איצט.

## לעדיס טעילאָרס פון לאָקאַל 38 הייסען גוט אַגרימענט.

דער נייער אַגרימענט צווישען דער לעדיס טעילאָרס יוניאָן לאָקאַל 38 און די שעפּער וואָס באַלאַנגען צום אינדאַסטריעל קאָונסיל איז גוט געהייסען געוואָרען פון די מיטגלידער ביי אַ פאַרזאַמלונג וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 7טען יוני. ברודער י. דזשייקאָב, מענעדזשער פון לאָקאַל האָט ביים מיטינג אָפּגעגעבען אַ פולען באַריכט וועגען דער לאַגע אין טרייד. ברודער דרעיזין, טשערמאַן פון דער עקזעקוטיוו באָאַרד פון לאָקאַל איז געווען פאָרזיצער פון מיטינג.

קאָנטראַקט און די מאַטעריעלע לאַגע פון די ארבייטער אין דער פּראָפעסיע האָט זיך פאַרבעסערט.

אין דעם לעצטען באַריכט מעלדעט די גילד אַז אין די דריי מאָנאַטען האָבען זיי אונטערגעשריבען 22 קאָנטראַקטען מיט צייטונגס-אַרויסגעבער, וועלכע דעקען די שרייבער און אָנגעשטעלטע אין 27 צייטונגען און איין ראַדיאָ סטאַנציע. צווישען די זיינען געווען מאַנכע אַגרימענטס וואָס זיינען באַנייט געוואָרען און אייניגע וואָס האָבען פריהער קיין אַגרימענט מיט דער יוניאָן ניט געהאַט. אין די מערסטע פאַלען האָבען די ארבייטער געקריגען באַדייטענדע העכערונגען אויף די שכירות און אַנדערע פאַרבעסערונגען. אַ צאָל אונטערהאַנדלונגען גייען נאָך אָן. צווישען זיי מיט די דריי הוירסט צייטונגען אין סאַן פראַנציסקאָ.

צווישען די סטרייק סעטלמענטס אין ניו יאָרק דעם מאָנאַט איז ווערט צו דערמאָנען דעם סטרייק פון טויזענט ארבייטער אין די קאָלד סטאָרידזש פּלענטס, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען אַ קאָרגע וואָך און האָט געשטעלט די שטאָט אין געפאַר פון אַ שפּייז-מאַנגעל. דער סטרייק איז אָנגעפירט געוואָרען פון דער אינלענד ווערהויז מענס יוניאָן לאָקאַל 818 פון דער בראָדערהוד אָוו טימסטערס. די ארבייטער האָבען געוואונען די מערסטע פאָדערונגען זייערע. זיי האָבען פאַרקירצט די ארבייטס-צייט פון 44 אויף 40 שטונדען אַ וואָך מיט די זעלביגע שכירות וואָס זיי האָבען פריער געהאַט און אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט. זיי האָבען אויך געקראָגען קלאָוזד יוניאָן שאָפּ.

די דעפּאַרטמענט סטאָר אָרגאַנייזינג קאָמיטע פון דער סי אַי. אָ. האָט געקראָגען דעם מאָנאַט אַן אַגרימענט פון ר. ה. מעיסי און קאָמפּאַני פאַר אַלע אָנגעשטעלטע וואָס ארבייטען ניט ביים פאַרקויפען וואַרע. די פירמע באַשעפטיגט אַרום 800 אַזעלכע ארבייטער. די ארבייטער האָבען געקראָגען העכערונגען אויף די שכירות פון 5 ביז 15 פּראָצענט; אַנדערטהאַלבען מאָל געצאָלט פאַר אָווערטיים; סעניאָריטי רעכט ביים אָפּזאָגען און אָנשטעלען ארבייטער, און די טשעק-אָף סיסטעם.

# אין דעם דרעס דזשאינט באארד

אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט" האבען מיר פרובירט אונטערציהען א שטיקעל סך הכל פון די דערגרייכונגען אין דעם ארגאניזאציאנס קעמפיין וואס די דרעס דזשאינט באארד האט אנגעפירט פון ענדע אפריל ביז סוף מאי. דער סך הכל איז געווען באזירט אויף א טיילווייזען באריכט פון מעקס בליוסטיין, מענעדזשער פון ארגאניזאציאנס דעפארטמענט צו דער באארד או דירעקטארס. איצט ליגט פאר אונז דער פאלשטענדיגער באריכט פון דעם דעפארטמענט פאר די פיר מאנאטען פון ענדע יאנואר ביז דעם ערשטען יוני. דער באריכט ווייזט אז דער ערפאלג פון דעם קעמפיין און די ווירקונג זיינע אויף די אינדוסטרי איז פיל גרעסער ווי דער טיילווייזער באריכט האט געשאפען דעם איינדרוק. די ציפערען רעדען פאר זיך אליין.

דורך די פיר מאנאטען האט דער דעפארטמענט יוניאניזירט 119 דזשאבערס, 78 מאנופעקטשורערס און 76 קאנטראקטארס. דאס איז א סך הכל פון 273 פירמעס, וועלכע באשעפטיגען צוזאמען 3,674 ארבייטער. א חוץ די האט די דרעס דזשאינט באארד דורך דער צייט ארגאניזירט 8 פירמעס פון אנדערע פרויען קליידער טריידס וועלכע זיינען איבערגעגעבען געווארען צו די לאקאלס צו וועלכע זיי דארפען געהערען און האט אנגעפירט סטרייקס געגען 14 פירמעס וואס האבען אגרימענטס מיט אנדערע יוניאנס און האבען געארבייט אויף דרעסעס. די סטרייקס זיינען נאטירליך אויפגעגעבען געווארען אזוי שנעל ווי די פראגען וואס זיינען פארוויקעלט געווען זיינען געשליכטעט געווארען.

די ציפערען אליין דערציילען נאך אבער ניט די גאנצע געשיכטע. מען מוז אנאליזירען אט די ציפערען אום צו קריגען א שטיקעל באגריף פון דער ריזיגער ארבייט וואס די דרעס דזשאינט באארד און איהר פירערשאפט האט אויפגעטאן דורך די פיר מאנאטען פון א פארהעלטניסמעסיג רוהיגער צייט. די טעטיגקייט באווייזט, אז די דרעס דזשאינט באארד און איהר פירערשאפט ווייס איבערהויפט ניט פון זיצען רוהיג און לאזען זאכען גיין ווי זיי גייען. עס באווייזט אזא אייביגע וואכזאמקייט און אגרעסיווקייט וואס פילע אנדערע יוניאנס האבען געמעגט נאכטאן.

אנאליזירענדיג די ציפערען ווייזט זיך ארויס צוויי וויכטיגע ערשיינונגען: ערשטענס, אז ניט ביי אלע פירמעס דארף מען סטרייקען אום זיי צו ארגאניזירען. אזוי שנעל ווי די יוניאן ווייזט אז זי מיינט „ביזנעס" ווירקט עס אויף פילע באלעבאטים צו סעטלען מיט דער יוניאן אן א סטרייק; און צווייטענס, אז ארגאניזירטע פירמעס מוז מען צייטענווייז באווייזען אז די יוניאן איז נאך אלץ אויפן דזשאב און איז גרייט צו נוצען די סטרייק-געווער צו האלטען זיי אין ליין.

אזוי באווייזט דער באריכט, אז פון די 119 דזשאבערס וואס זיינען ארגאניזירט געווארען דורך דעם קעמפיין זיינען געווען 45 ניט יוניאן דזשאבערס געגען וועלכע מען האט געסטרייקט, 24 דזשאבערס האבען אבער געסעטעלט אזוי שנעל ווי די קאמיטעס האבען זיי אפגעשטאט א וויזיט און מען האט קיין סטרייקס ניט געדארפט. די סטרייקס געגען אנדערע דזשאבערס האבען אויף זיי געהאט די נויטיגע ווירקונג. דערפאר זיינען אבער געווען 50 דזשאבערס וואס האבען געהאט פריהער אגרימענטס מיט דער יוניאן און האבען זיך געוואלט באפרייען פון יוניאן קאנטראל דורך ניט באנייען דעם אגרימענט. סטרייקס האבען זיי באוויזען אז די יוניאן האט ניט בדעה אויפצוגעבען איהרע געוואונענע פאזיציעס.

דיזעלבע געשיכטע חזר'ט זיך איבער מיט די מאנופעקטשורערס און קאנטראקטארס. פון די 78 מאנופעקטשורערס וואס האבען געסעטעלט האט מען בלויז צוועלף אפען שאפ מאנופעקטשורערס געדארפט סטרייקען. דריי מאל אזוי פיל, אדער זעקס און דרייסיג, האבען געסעטעלט נאכדעם ווי קאמיטעס האבען באזוכט די שעפער. די איבעריגע זיינען געווען יוניאן מאנופעקטשורערס וואס האבען זיך אנטזאגט צו באנייען די אגרימענטס און מען האט ביי זיי געמוזט סטרייקען.

פון די שעפער וואס זיינען ארגאניזירט געווארען זיינען בלויז די מאנופעקטשורערס און דזשאבערס געווען אויסשליסליך אין מאנהעטען. די קאנטראקטארס זיינען מערסטע געווען אין די ארומיגע געגענדען פון שטאט און אוט-אוו-טאון. אין מאנהעטען זיינען געווען בלויז זיבען קאנטראקטארס, אין די אנדערע געגענדען אין שטאט ווי בראנזוויל, בענסאנהוירסט, בארא פארק, ברוקלין, בראנקס און הארלעם זיינען געווען 51 קאנטראקטארס, די איבעריגע 18 זיינען געווען אוט-אוו-טאון. דעם גרעסטען חלק פון די געסעטעלטע קאנטראקטארס אוט-אוו-טאון האט געהאט וואנדערס אוט-אוו-טאון דעפארטמענט.

די געסעטעלטע פירמעס אליין גיבען נאך אבער ניט קיין באגריף פון דער ריזיגער ענערגיע און ארבייט וואס עס האט זיך געפאדערט צו דערגרייכען די רעזולטאטען. מען מוז געדענקען, אז דער ערפאלג פון דער ארבייט איז א רעזולטאט פון לאנגען און גענויען פלאנירען און צוגרייטונג וואס איז שטילערהייט אנגעגאנגען אין א משך פון מאנאטען. די אגרימענטס מיט די טראק באלעבאטים, צום ביישפיל, האט פיל בייגעטראגען צו מאכען מעגליך דעם ערפאלג. ווי מיר האבען אנגעוויזען זיינען די מערסטע קאנטראקטארס פאר די דזשאבערס און מאנופעקטשורערס געווען אין די ארומיגע געגענדען און אוט-אוו-טאון. אפצושטעלען זייער פראדוקציע, האט מען דעריבער געמוזט אפשטעלען זייער דעליווערי, וועלכעס איז בלויז מעגליך געווארען דורך דער קאאפעראציע פון די טראק דרייווערס יוניאן און דעם אגרימענט מיט די טראק באלעבאטים. כדי אבער דעם אגרימענט צו דערגרייכען האט דזשענעראל מענעדזשער האכמאן אויסגעארבייט פלענער און צוגעגרייט דעם באדען, אויסגעארבייט די סטראטעגישע צוגען און באשאפען דעם דרוק אויף זיי מאנאטען לאנג אידער דער קאמפיין איז עפענטליך אנגעפאנגען געווארען.

די צאל געסעטעלטע פירמעס זיינען אויך ניט אלע וואס מען האט אונטערזוכט און געסטרייקט. ווי מיר האבען שוין אנגעוויזען זיינען געווען א גרויסע צאל סטרייקס פון אנדערע פרויען קליידער טריידס, אנגעפירט פון דער דזשאינט באארד און איבערגעגעבען צו די יוניאנס פון די פאכען וואו זיי געהערען; זיבען פירמעס זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון ביזנעס; ארום הונדערט און פופציג שעפער וואס זיינען ערקלערט געווארען אין סטרייק זיינען אויסגערונען. דאס זיינען די קליינע פאראזיטען פירמעס וואס פארשווינדען אזוי שנעל ווי די יוניאן רירט זיך צו צו זיי און שפראצען יעדעס מאל ווידער אויף ווען עס ווערט רוהיג. א צאל פירמעס זיינען נאך אלץ אין סטרייק. ווען מען רעכענט די אלע צוזאמען קען מען זיך ערשט מאכען א באגריף פון דער ריזיגער ארבייט וואס די דרעס דזשאינט באארד האט אויפגעטאן דורך די פיר מאנאטען.

## דזשאבער פארלירט אפיל פאר אינדזשאנקשאן.

די דרעס דזשאינט באארד האט דעם מאנאט געוואונען א קעיס אין סופרים קאורט וואס איז פון אויסערגעווינליכער וויכטיגקייט ניט בלויז פאר די דרעסמאכער נאר פאר דער אלגעמיינער טרייד יוניאן באוועגונג און הויפטזאכליך פאר די נאדעל טרייד יוניאנס. די אנטשיידונג האט איין מאל פאר אלע מאל פעסטגעשטעלט אז א דזשאבער איז באמת א מאנופעקטשורער וואס איז פאראנטווארטליך אונטערן געזעץ צו די ארבייטער אין די שעפער וואס מאכען זיין ארבייט, פונקט ווי זיי וואלטען געארבייט דירעקט פאר איהם אין זיין אייגענעם שאפ.

די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען פון ריכטער שענטאג אין סופרים קאורט אויף דעם אפיל פון דעם דזשאבער „סוקסעספול דזשוניאר דרעס קאמפאני", וועלכער האט פארלאנגט אן אינדזשאנקשאן געגען דער יוניאן וואס זאל איהר פארבאטען פיקעטען דעם פלאץ וואו די פירמע האט איהר ביזנעס. דעם פארלאנג האט די פירמע מאטיווירט אויף דעם גרונט וואס זי באשעפטיגט ניט קיין ארבייטער אין זיין פלאץ. די פירמע האט גע'טענה'ט אז די גאנצע ארבייט וואס ווערט געטאן ביי איהר אין פלאץ ווערט געטאן פון די באלעבאטים אליין. איינער פון די שותפים איז א קאטער און דער צווייטער א סעמפעל מאכער. די דרעסעס ווערען פאר זיי געמאכט אין קאנטראקטינג שעפער פון זעלבסטשטענדיגע באלעבאטים, מיט וועלכע זיי האבען ניט קיין פינאנציעלע פארבינדונגען. דעריבער האט די פירמע גע'טענה'ט, איז איבערהויפט נישטא קיין ארבייטער סכסוך ביי איר און דער יוניאן דארף דעריבער פארבאטען ווערען צו פיקעטען דעם פלאץ.

ריכטער שענטאג האט דעם פארלאנג פון דער פירמע אנטזאגט און נאכגעגעבען דעם פארלאנג פון דעם לאייער פון דער יוניאן, גענאסע עמיל שלעזינגער, וועלכער האט געפאדערט אז דער אפיל פון דער פירמע זאל ארויסגעווארפען ווערען פון געריכט. אין זיין אנטשיידונג ווייזט דער דזשאדזש אן, אז די פירמע אליין גיט צו, אז זי קריגט געמאכט איהרע דרעסעס אין קאנטראקטינג שאפס; אז זי שטעלט צו די קאנטראקטארס די געשניטענע ווארע; אז זיי שיקען איהר די פארטיגע דרעסעס און זי שיקט זיי פאנאנדער צו איהרע קאסטאמער; אז די באלעבאטים אליין מאכען בלויז א קליינעם, אונבאדייטענדען טייל פון דער ארבייט, דאס צו-שניידען און סעמפעלס, זייער ביזנעס וואלט ניט קענען אנגיין אן דער ארבייט פון די דרעסמאכער אין די קאנטראקטינג שעפער. זיי זיינען דעריבער אין דער אמת'ן די ריכטיגע ארבייטסגעבער און דארפען זיין אונטערווארפען די רעגולאציעס פון דעם קאלעקטיווען אגרימענט און ווען זיי אנטזאגען זיך איז עס אן ארבייטער סכסוך און די יוניאן האט דעריבער א רעכט צו פיקעטען זייער פלאץ.

די ענטשיידונג שטעלט פעסט אונטערן געזעץ, אז דער שטאנדפונקט פון דער יוניאן אז דער דזשאבער איז דער אמת'ער בעל הבית אין דער אינדוסטרי און דארף דעריבער טראגען פולע פאראנטווארטליכקייט, איז א ריכטיגער. דאס איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר די נאדעל טרייד יוניאנס, וועלכע האבען כמעט אלע די דזשאבער-קאנטראקטאר סיסטעם פון פראדוקציע.

## דרעסמאכער אין די ביליגע ליין שעפער ארבייטען שבת פאר נאצי-קרבנות.

אין דעם קעמפיין וואס אונזער אינטערנעשאנאל האט אונטערנומען צו זען אז אונזערע יוניאנס זאלען שאפען זייער חלק שטיצע פאר די נאצי קרבנות האבען א צאל ארגאניזאציעס שוין בייגעשטייערט זייער חלק, ווי מיר האבען באריכטעט אין פריערדיגע אויסגאבען. די גרעסטע צווישען זיי איז געווען די ביישטייערונג פון דעם ניו יארקער קלאוק דזשאינט באארד וועמעס מיטגלידער האבען געארבייט א שבת און וועלכע האבען שוין בייגעשטייערט אריבער 102,000 דאלאר צום נאך-סעקטעריען רעפיודזשי פאנד דורך דער אינטערנעשאנאל. דער דרעס דזשאינט באארד איז איבער די שטייערן פאר די ארבייטסלאזע וואס לאקאל 22 האט געשאפען, געווען געצוואונגען אפצולייגען די זאמלונגען פארן רעפיודזשי פאנד. דעם מאנאט איז אבער פלוצלונג געווארען ביזי אין די שעפער וואו עס ווערען געמאכט די ביליגע ליין דרעסעס און דער דזשאינט באארד האט גלייך אויסגענוצט די געלעגענהייט און אפעלירט צו די מיטגלידער אז זיי זאלען ארבייטען א שבת און ביישטייערן א טייל פון די געלדער פאר די נאצי-קרבנות און א טייל פארן גרייטער ניו יארק פאנד. די רעקאמענדאציע איז איינשטימיג גוט-געהייסען געווארען פון א זייער גוט באזוכטען שאפ-טשערמאן מיטינג. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט ארויסגעשיקט א ווארימען אפיל צו די שאפ-טשערלייט און ער צוזאמען מיט די לאקאל מענעדזשערס זימערמאן, אנטאניני, קאהן און נאגלער האבען אפעלירט צו די מיטגלידער דורך דער פרעסע אז זיי זאלען ארבייטען דעם טאג און ביישטייערן זייער חלק. די ביישטייערונגען זיינען פרייוויליגע. בלויז די וואס ווילען געבען געלט פאר דעם פאנד האבען געארבייט. קיינער איז ניט געצוואונגען געווען צו ארבייטען דעם שבת געגען זיין אדער איהר ווילען. די וואס האבען געארבייט האבען געדארפט ביישטייערן די פאלגענדע סומען: ביי דרעסעס פון 3.25 דאלאר און ביליגער האבען קאטערס און פרעסערס געצאלט צו 3 דאלאר; אפערייטארס און סעמפעל מייקערס צו 2 דאלאר און די ארבייטער פון די אנדערע פאכען צו 1 דאלאר יעדער. די וואס ארבייטען ביי די בעסערע ליינס דרעסעס, פון 4.75 דאלאר און העכער דארפען ביישטייערן: קאטערס און פרעסערס צו 6 דאלאר; אפערייטארס און סעמפעל מייקערס צו 4 דאלאר און די ארבייטער פון די אנדערע פאכען, ווי פינישערס, עקזעמינערס, דרייפערס און קלינערס צו צוויי דאלאר יעדע.

די שעפער פון דער ביליגער ליין ארבייט, וועלכע זיינען געווען ביזי האבען געקראגען די ערלויבניש פון דער יוניאן צו ארבייטען שבת, דעם 17טען יוני. ווען די שורות ווערען געשריבען איז נאך קיין גענויער באריכט פון דעם וואס דאס האט אריינגעבראכט פארן פאנד, נישטא. מען לאזט אונז אבער וויסען, אז דעם שבת האבען געארבייט 11,374 ארבייטער אין 432 שעפער און אז עס וועט אריינקומען פון די ביישטייערונגען איבער 25,000 דאלאר. די ארבייטער אין

די אנדערע שעפער און איבערהויפט אין די טייערע ליין דרעסעס וועלכע האבען איצט ניט קיין ארבייט וועלען זייער חלק ביישטייערען נעקסטען סעזאן.

## פארהיטונג פון געזונט פון די מיטגלידער.

די דרעס דזשאינט באארד האט דעם מאנאט ווידער געוויזען דעם וועג פאר אנדערע יוניאנס ווי אזוי צו באזארגען און פארהיטען די מיטגלידער ניט נאר אויפן עקאנאמישען געביט אין די שעפער נאר אויך אנדערע געביטען. דורך די באמיהונגען הויפטזאכליך פון טשארלס זימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל 22, איז דער יוניאן געלונגען צו קריגען פאר די מיטגלידער א פרייע עקס־רעי אונטערזוכונג וואס וועט יעדען זיין געזונד צושטאנד און מאכט מעגליך פאר די וואס זיינען ניט פאלקאם געזונט צו פארהיטען זיך פון ערענסטע קראנקהייטען. דער פראיעקט ווערט דורכגעפירט בשותפות פון דעם סיטי העלטה דעפארטמענט, די וו. פ. א. און די יוניאן. די יוניאן האט איינגעארדענט א ספעציעלען קליניק אין סטאר פון דער געביידע וואו דער אפיס געפינט זיך. די אנדערע קערפערשאפטען האבען צוגעשטעלט די מאשינען און די מענשען־ספעציאליסטען וואס נעמען די בילדער.

די וויכטיגקייט פון דער אונטערנעמונג פאר דעם געזונט פון די ארבייטער און דער אלגעמיינער באפעלקערונג איז אנגעוויזען געווארען פון די רעדנער ביי דער אפיציעלער ערעפענונג פון קליניק אין דער אנוועזנהייט פון מעיאר לאגווארדיא, וו. פ. א. אדמיניסטרעיטאר קאירנעל סאמערוועל און דזשאהן ל. רייס, העלט קאמישאנער פון ניו יארק. פון דער יוניאן זיינען געוועזען פרעזידענט דובינסקי, דזשענעראל מענעדזשער האכמאן, טשארלס זימערמאן און די אלע באאמטע און פירער פון דער דרעס יוניאן. די עקזאמינעישאנס ווערען איצט געגעבען טעגליך אין דער קליניק.

## דרעס דזשאבער צאלט $12,500 שאדענערזאץ פאר פעלשען ביכער

נאך איינער פון די „קלוגע" דרעס דזשאבערס וואס זוכען אייביג סקימס ווי אזוי אפצונארען די יוניאן און טשיזלען פון די אנדערע פאקטארען אין דער אינדוסטרי האט זיך דעם מאנאט איבערצייגט אז עס לוינט זיך ניט דער עסק, אין א טרייד וואו די יוניאן איז אויף דער וואך. דער דזשאבער איז די „לאמא דרעס קאמפאני" פון 501 זיבעטע עוו.

די פירמע איז איינע פון די וואס האבען קיין מאל ניט שלום געמאכט מיט דעם געדאנק אז זיי האבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן און דארפען דעם אגרימענט אפהיטען. פאר א לאנגע צייט האט די פירמע ארויסגעגעבען ארבייט צו ניט יוניאן און ניט רעגיסטרירטע קאנטראקטארס. הויפטזאכליך האבען זיי ארויסגעגעבען א סך ארבייט צו א ניט יוניאן פירמע אין סאוטה־דזשוירזי. צו פארדעקען די שפורען פון איהר פארברעכען געגען דעם קאלעקטיווען אגרימענט אין דער אינדוסטרי, האט די לאמא דרעס געפעלשט איהרע ביכער אזוי, אז איהר פראדוקציע וואס זי האט געמאכט אין ניט יוניאן שעפער זאל ניט ערשיינען אויף איהרע רעגעלע ביכער אום מען זאל עס ניט קענען אנטדעקען. די פירמע האט פאר דעם צוועק ארגאניזירט א דאמי־קארפארעישאן, געדונגען א באזונדער אפיס פון וואנען זיי האבען ארויסגעשיקט ארבייט צו די ניט יוניאן קאנטראקטארס און וואו יענע האבען די דרעסעס צוריקגעשיקט. פון דארט פלעגט מען די טריפה סחורה שיקען דירעקט צו די קאסטאמער און זיי פלעגען אין הויפט פלאץ פון דער לאמא דרעס קיין מאל ניט געבראכט ווערען. דער דזשאבער האט זיך שוין געפילט כמעט ווי זיכער אז די יוניאן וועט איהם קיין מאל ניט כאפען.

איז עס טאקע געווען זייער א שווערער דזשאב צו קריגען באווייזען אז די דאמי־קארפארעישאן באלאנגט צו דער לאמא דרעס. די דרעס דזשאינט באארד האט אבער אן אויסגעצייכנטען אקאונטינג דעפארטמענט וועלכער ווייס שוין אלע שמד־שטיק פון די טשיזלערס. נאך א סך מיה און אויסגאבען איז זיי ענדליך געלונגען צו קריגען די באווייזען אז די פירמע האט געפעלשט די ביכער. דער אימפארשעל טשערמאן פון דער דרעס אינדוסטרי הערי יאוועליער האט דאן ערקלערט אז די פירמע פארלירט אלע איהרע רעכטען אונטערן אגרימענט און די יוניאן קען נעמען געגען איהר אלע שריט וואס זי וועט געפינען פאר נויטיג.

די פירמע, מורא האבענדיג פאר א סטרייק האט דאן גענומען אונטערהאנדלען מיט דער יוניאן דירעקט פאר א סעטעלמענט. דעם 12טען יוני איז דער סעטעלמענט געמאכט געווארען אויף פאלגענדע באדינגונגען:

די פירמע דארף באצאלען דער יוניאן שאדען ערזאץ 12,500 דאלאר פאר פעלשען די ביכער. די פירמע דארף זיך אויך אונטערשרייבען, אז אין דער צוקונפט, אויב זי וועט נאך אמאל געכאפט ווערען פעלשענדיג די ביכער און מען וועט צוליב דעם ניט קענען אויסגעפונען דעם גענויען שאדען וואס די ארבייטער האבען געליטען דורך איהרע פארלעצונגען פון אגרימענט, זאל דער אימפארשעל טשערמאן האבען א רעכט צו באשטראפען די פירמע מיט 25 טויזענט דאלאר שאדען־ערזאץ וואס זיי זאלען מוזען באצאלען דער יוניאן. צו פארזיכערען אז די פירמע וועט טאקע די געלט באצאלען דארף די פירמע גלייך איינלייגען א באנד פאר פופצען טויזענט דאלאר, אלס סעקיוריטי. די פירמע האט זיך אויך פארפליכטעט צו האלטען א געוויסען סעט ביכער וואס די יוניאן האט געפאדערט אום עס זאל זיין לייכטער צו קאנטראלירען וואו זי שיקט די ארבייט.

דזשענעראל מענעדזשער האכמאן האט אין פארבינדונג מיט דעם סעטעלמענט ארויסגעגעבען פאלגענדען כעיטמענט:

„אונזער יוניאן איז ניט פאראינטערעסירט אין ארויפלייגען און איינמאנען גרויסע סומען געלט אויף פירמעס אלס שטראף פאר ברעכען די פארשריפטען פון אגרימענט. מיר זיינען הויפטזאכליך פאראינטערעסירט צו זען אז דער אגרימענט זאל אפגעהיט ווערען אום אונזערע מיטגלידער זאלען קענען האבען די ארבייט און באדינגונגען צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט אונטערן אגרימענט און די אינדוסטרי אלס גאנצע זאל סטאביליזירט ווערען אום איין ארבייטסגעבער זאל ניט קענען קאנקורירען מיט די אנדערע אויפן חשבון פון דעם ארבייטערס פארדינסטען. אויב אבער עס געפינען זיך דזשאבערס אדער מאנופעקטשורערס וועלכע זיינען אזוי בלינד און זעלבסטזיכטיג, אז זיי זיינען גרייט צו מקריב זיין די אינטערעסען פון דער גאנצער אינדוסטרי און פון אונזערע ארבייטער צוליב מאכען עטליכע דאלאר עקסטרא פראפיט, מוז די יוניאן זען אז דאס זאל זיך זיי ניט באצאלען. מיר האפען אז די לאמא דרעס און אנדערע פירמעס וועלכע האבען אויך געטראכט פון באנוצען זיך מיט אזוינע מיטלען וועלען איצט איינזען, אז די יוניאן איז אויף דער וואך און עס איז צופיל ריזיקע זיך אנצוהויען מיט אונז".

## באטהראוב ארבייטער פון לאקאל 91 גרייטען זיך צו א גענעראל סטרייק

א גענעראל סטרייק פון די באטהראוב ארבייטער אין דער נאענטער צוקונפט ווערט אלץ ווארשיינליכער מיט דער דערנענטערונג פון דעם אויסגאנג פון אגרימענט וואס לאקאל 91 האט מיט די בעלי בתים אין דעם טרייד, דעם 31טען יולי.

ווי וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל 91, גיט איבער, איז ביז לעצטען יאנואר די באציאונג צווישען דער יוניאן און די בעלי בתים אין טרייד געווען א נארמאלע און די יוניאן האט ניט ערווארטעט קיין עקסטרא שוועריגקייטען ביים באנייען דעם אגרימענט. זינט יאנואר האט זיך אבער די לאגע ראדיקאל געביטען. געוויסע בעאמטע פון דער אמאלגאמייטעד האבען זיך פארבונדען מיט געוויסע פארטרעטער פון דער קאנטראקטארס גרופע אין טרייד אין א פארזוך איבערצונעמען די יוריסדיקציע.

זינט דאן האבען א געוויסע צאל קאנטראקטארס און אמאלגאמייטעד בעאמטע געמאכט פארזוכען ארייצוצרנעמען בעטהראוב ארבייטער אלס מיטגלידער פון דער אמאלגאמייטעד, ניט אכטענדיג אויף דעם וואס לאקאל 91 האט אגרימענטס מיט די בעלי בתים. פאר די קאנטראקטארס, נאטירליך, לוינט זיך דער עסק גאנץ גוט. די ארבייטס־סטאנדארדס אונטער דעם אמאלגאמייטעד אגרימענט איז פיל נידעריגער ווי אונטער דעם אגרימענט וואס לאקאל 91 האט מיט די בעלי בתים. די ארבייטס־שטונדען זיינען לייגער, די מינימום שכירות זיינען קלענער. קיין וואקיישאן מיט געצאלט, ווי לאקאל 91 האט אויסגעקעמפט פאר די ארבייטער פאר צוויי יארען, איז אין דעם אמאלגאמייטעד אגרימענט נישטא. איבער דעם פארצוג פאר זיך, זיינען די בעלי בתים גערן צו שליסען אן אגרימענט מיט דער אמאלגאמייטעד און מאנכע פון זיי זוכען צו באאיינפלוסען די ארבייטער זיך אנצושליסען אן דער אמאלגאמייטעד.

לאקאל 91 האט) נאטירליך, פראטעסטירט געגען אזא האנדלונג. עס זיינען געהאלטען געווארען קאנפערענצען מיט אמאלגאמייטעד בעאמטע און עס האט געשיינט אז אלץ איז אויסגעגליכען. זיי האבען ווידער אנערקענט די יוריסדיקציע פון דער אינטערנעשאנעל אין דעם טרייד. אבער גלייך נאך די קאנפערענצען האבען זיי ווייטער אנגעפירט די זעלבע טעטיגקייט.

ביים לעצטען מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, האט וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג פארגעלייגט די אלע פאקטען פאר דער גענעראל באארד און די גענעראל עקזעקוטיווע האט באשלאסען צו שטיצען לאקאל 91 מיט אלע מיטלען, אפילו אויב עס זאל מוזען קומען צו א גענעראל סטרייק אין טרייד. דעם מאנאט האט די עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל אויפגעפאדערט אלע מיטגלידער פון בעטהראוב טרייד צו זיין גרייט צו יעדער מינוט ווען די יוניאן וועט זיי רופען אין סטרייק. אלע פארבארייטונגען ווערען איצט געמאכט און אויב עס וועט ניט געלינגען צו באנייען דעם אגרימענט ביז דעם ערשטען אויגוסט וועט מעגלי גערופען ווערען א גענעראל סטרייק אין טרייד.

## יוניאן צאלט אוים $125,000 וואקיישאן געלט צו די ארבייטער.

דעם 15טען יוני האט די טשילדרען דרעס, הויז דרעס און בעטהראוב מאכער יוניאן לאקאל 91 אנגעהויבען אויסצאלען צו אירע מיטגלידער די געלט פאר א וואך וואקיישאן, צו וועלכע יעדער פון זיי איז בארעכטיגט לויט דעם אגרימענט וואס די יוניאן האט מיט די בעלי בתים.

ווי וויים־פרעזידענט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל, ערקלערט, וועט די יוניאן אויסצאלען אין די וואקיישאן בענעפיטס די סומע פון 125,000 דאלאר. דאס איז די גרעסטע סומע וואס וועלכע עס איז יוניאן אין אמעריקע האט ווען עס איז מיט איין מאל אויסגעצאלט פאר וואקיישאנס צו אירע מיטגלידער.

ארום זיבען טויזענד מיטגלידער פון דער יוניאן וועלען קריגען פון דעם פאנד צו 17 דאלאר יעדער. די וואקיישאן געלט וועט געצאלט ווערען אויך צו די מיטגלידער וואס זיינען ארבייטסלאז און האבען ניט קיין שעפער צו דער ארבייט.

אין דער הינזיכט איז דער וואקיישאן פאנד, וואס לאקאל 91 האט געוואונען פאר די מיטגלידער אין דעם לעצטען אגרימענט אנדערש ווי וועלכער עס איז אנדער פלאן וואס אנדערע יוניאנס האבען געוואונען פאר זייערע מיטגלידער. אין די אנדערע יוניאנס קריגט דער ארבייטער באצאלט פאר א וואך וואקיישאן דירעקט פון דער פירמע פאר וועלכער ער ארבייט און די וואס זיינען אויסער ארבייט קריגען נאטירליך ניט די וואקיישאן געלט. אין לאקאל 91 צאלט יעדע פירמע א געוויסען פראצענט פון איר פעי־ראל דירעקט צו דער יוניאן און די יוניאן צאלט די געלדער אויס צו אלע מיטגלידער סיי די וואס ארבייטען און סיי די וואס זיינען ארבייטסלאז.

מענעדזשער הערי גרינבערג האט אין פארבינדונג מיט דעם בענעפיט ארויסגעגעבען פאלגענדען סטייטמענט:

„אונזער פלאן באטראכט די וואקיישאן בענעפיטס ניט ווי א מתנה פון די ארבייטסגעבער, נאר אלס רעכט וואס קומט דעם ארבייטער, דער פלאן כאפט ארום די גאנצע אינדוסטריע און איז נישט באגרעניצט אויף עטליכע מאדעל־שעפער.

„קיין שטערונגען ווערען ארויפגעלייגט אויף דעם ארבייטער דורך דעם פאנד. צי ער ארבייט די גאנצע צייט אין דעם זעלבען שאפ, גייט איבער פון איין שאפ אין א צווייטען אדער איז צייטווייליג איינגאנצען ארבייטסלאז, פארלירט ער ניט זיין רעכט צום פולען וואקיישאן בענעפיט.

„דער ארבייטסגעבער האט קיין רעכט ניט צו באשטימען ווער עס איז יא אדער ניט בארעכטיגט צו וואקיישאן אדער אין וועלכע צייט פון יאר די וואקיישאנס

זאלען גענומען ווערען. דאס גיט די ארבייטער א מעגליכקייט צו נעמען זייער וואקיישאן אין סלעק צייט און ניט פארלירען א וואך ארבייט.

„די בעלי בתים צאלען צום פאנד וועכענטליך א באשטימטען פראצענט פון דעם פעי־ראל. די יוניאן זאמעלט דעם פאנד און האלט עס באזונדער אין א ספעציעלען אקאונט. אויב די סומע איז סוף יאר ניט גענוג צו דעקען די בענעפיטס פון אלע מיטגלידער, גאראנטירט די יוניאן בייצוטראגען פון איר קאסע די איבעריגע סומע.

„די סומע פון זיבעצען דאלאר וואס איז באשטימט געווארען פאר א וואך וואקיישאן איז באגרינדעט אויף די דורכשניטליכע שכירות פון די ארבייטער אין טרייד אין די פארשידענע פאכען, אפערייטארס, פינישערס, פרעסערס און פלאר מיידלאך. אונטער דער סיסטעם קריגען די ווייניגער באצאלטע ארבייטער פונקט אזוי פיל ווי די וואס מאכען העכערע שכירות ביי דער ארבייט.

## עמבראידערי ארבייטער יוניאן באפעסטיגט איר קאנטראל אין די שעפער

א נייער גייסט מערקט זיך אין דער עמבראידערי ארבייטער יוניאן פון דער אינטערנעשאנעל זינט דער פרעזידענט פון לאקאל, זכריהו פרידמאן, האט איבערגענומען די פארוואלטונג די ערשטע וואך אין מאי, נאכדעם ווי דער געוועזענער מענעדזשער לעאן האטאב האט רעזיגנירט.

דער נייער גייסט מערקט זיך אין גאנצען עמבראידערי טרייד, סיי אין די יוניאן שעפער סיי אין די ניט ארגאניזירטע שעפער. די ארבייטער און די ארבייטסגעבער האבען דערפילט, אז די לויזקייט און נאכלעסיגקייט אין דורכפירען דעם אגרימענט און אפהיטען די ארבייטס־סטאנדארדס וואס האט לעצטענס געהערשט אין דער אינדוסטריע איז אפגעשאפט און די יוניאן איז ענטשלאסען צו זען, אז די ארבייטער זאלען קריגען די באדינגונגען צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט.

ווי מענעדזשער פרידמאן גיט איבער איז א דאנק דער פארשטארקטער טעטיגקייט פון דער יוניאן שוין געלונגען צו ארגאניזירען איינעם פון די גרעסטע שעפער אין טרייד, וועלכער איז ביז איצט געבליבען אויסער דעם יוניאן קאנטראל. דאס איז די „מאנהעטען סקאלאפינג קאמפאני", וועלכע באשעפטיגט ארום 80 ארבייטער.

אין א גרויסער צאל שעפער פון טרייד איז אויפגעדעקט געווארען פארשידענע פארלעצונגען פון אגרימענט, אויף וועלכע סיי די בעלי בתים און סיי די ארבייטער האבען שוין געקוקט ווי אויף א געוויינליכער, נאטירליכער ערשיינונג. אין פילע פון די שעפער, צום ביישפיל, פלעגען די בעלי בתים ניט צאלען די עקסטרא פאר אווערטיים. אנדערע ווידער פלעגען צאלען פאר אווערטיים בלויז איין פערטעל מער אנשטאט די אנדערהאלבען מאל, ווי זיי האבען געדארפט צאלען לויט דעם אגרימענט. אט די פארלעצונגען האבען געפירט דערצו, אז אין א גרויסער צאל שעפער האט מען אין סעזאן פארגעסען אן דער 35 שטונדען־וואך. וויבאלד זיי האבען ניט געדארפט צאלען עקסטרא פאר אווערטיים, האט מען געארבייט אלערליי שטונדען, איינגעשלאסען שבת און זונטאג. אט די אלע פירונגען זיינען איצט אפגעשאפט געווארען. די יוניאן האט געלאזט וויסען די בעלי בתים, אז זי איז גרייט צו פארגעבען זייערע פארברעכענס געגען אגרימענט אין דער פארגאנגענהייט, אבער פון איצט אן און ווייטער מוזען אלע פארשריפטען פון אגרימענט אפגעהיט ווערען אין בוכשטאב און אין גייסט.

אין א געשפרעך מיט'ן פרעזידענט פון לאקאל, זכריהו פרידמאן, וועלכער האט איבערגענומען די פארוואלטונג, האט ער אנגעוויזען, אז דאס פארנאכלעסיגען אפצוהיטען די ארבייטס־באדינגונגען אין די יוניאן שעפער האט מער געשעדיגט די אינטערעסען פון די עמבראידערי ארבייטער, די פליטערס, סטיטשערס, טאקערס און די אנדערע ארבייטער, וואס באלאנגען צו אונזער יוניאן, ווי די ניט יוניאן שעפער וועלכע געפינען זיך נאך אין טרייד. „די ניט־יוניאן שעפער — האט פרידמאן ערקלערט — האבען מיר לייכט געקענט באקעמפען. דורך דעם אקסעסארי קאונסיל, צו וועלכען עס באלאנגען אלע לאקאלס אין די טריידס וואס מאכען טרימינגס פאר פרויען קליידער, און דורך דער הילף וואס אונזער קאונסיל קריגט פון דער דרעס דזשאינט באארד און די לאקאלס וועלכע האבען א פונקט אין זייערע אגרימענטס וואס פארפליכטעט די מאנופעקטשורערס צו קויפען זייערע טרימינגס בלויז אין יוניאן שעפער, האבען מיר געקענט צווינגען די דזשאבערס און מאנופעקטשורערס צו באשטעלען זייער עמבראידערי, טאקינג, סטיטשינג און פליטינג בלויז אין יוניאן שעפער. די יוניאן שעפער אבער, וועלכע האבען פארלעצט דעם אגרימענט, האבען מיר דורך די מיטלען ניט געקענט דערגרייכען. זייער קאנקורענץ האט זיך געלאזט פילען אין גאנצען טרייד און האט דעמאראליזירט די אינדוסטריע. איצט איז עס אלץ א זאך פון דער פארגאנגענהייט. די בעלי בתים און אויך די שוואכערע ארבייטער ווייסען, אז די יוניאן איז איצט אויף דער וואך און וועט קיין פארברעכענס געגען אגרימענט און יוניאן רולס מער ניט דולדען".

פרידמאן האט אנגערופען א צאל שעפער, וועלכע באשעפטיגען צוזאמען הונדערטע ארבייטער, וואו די יוניאן האט געטראפען אלערליי פארלעצונגען פון אגרימענט. ווי ניט צאלען עקסטרא פאר אווערטיים; ארבייטען אומגעזעצליכע שטונדען; צאלען ווייניגער פון יוניאן סקעיל און ענליכע פארברעכענס. אין די אלע פלעצער האט די יוניאן געצוואונגען די פירמעס נאכצוקומען זייערע פארפליכטונגען אונטער'ן אגרימענט: די יוניאן מאכט איצט אויך אן אונטערזוכונג פון די ניט־יוניאן שעפער אין טרייד און גרייט זיך צו אן ענערגישען ארגאניזאציאנס־קאמפיין אזוי שנעל ווי עס וועט ווערען מער ארבייט אין די שעפער.

## באטאן און נאוועלטי ארבייטער פארנאנדערגעטיילט אין באזונדערע לאקאלס.

די קאווערד באטאן ארבייטער, וואס האבען ביז איצט באלאנגט צוזאמען מיט די נאוועלטי־דזשולערי ארבייטער אין לאקאל 132, זיינען דעם מאנאט אפגעטיילט געווארען אין א באזונדער לאקאל. זיי האבען געקראגען א טשארטער אונטערן נומער 121.

דער באשלוס אפצוטיילען די קאווערד באטאן ארבייטער אין א באזונדער לאקאל איז געמאכט געווארען ביים לעצטען מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד אין אטלאנטיק סיטי. דער באשלוס איז געמאכט געווארען אויף דער רעקאמענדאציע פון דזשארדזש ווישניאק, וועמען פרעזידענט דובינסקי האט באאויפטראגט אונטערצוזוכען די צוויסטיגקייטען אין לאקאל 132. די רעקאמענדאציע איז געשטיצט געווארען פון דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל און אויך פון די קאווערד באטאן ארבייטער.

מארטין פעלדמאן איז פארבליבען מענעדזשער פון דעם נאוועלטי־דזשולערי לאקאל. דער נייער לאקאל 121 ווערט צייטווייליג פארוואלטעט פון ברודער לואיס שיף.

## לעיבאר באארד פסקנ'ט צו א יאר שכירות פאר נ'טגוזדס ארבייטער

לואיס נעלסאן, מענעדזשער פון דער ניט־גודס ארבייטער יוניאן לאקאל 155, מעלדעט, אז די נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד האט באפוילען די „גלאריא ניטינג מילס" צוריקנעמען אלע אירע פריערדיגע ארבייטער און באצאלען זיי די שכירות וואס זיי האבען פארלארען דורך דער גאנצער צייט זינט די פירמע האט זיי ארויסגעווארפען פון דער ארבייט.

די „גלאריא ניטינג מילס" האט פריהער געהאט איר שאפ אין ברוקלין און האט געהאט אן אגרימענט מיט דער ניט־גודס ארבייטער יוניאן. דעם 15טען יולי, 1938, האט די פירמע ארויסגעמופט דעם שאפ נאך ראבעסאניא, פענסילווייניא, אויסשליסענדיג אלע אירע ארבייטער. ווי נעלסאן גיט איבער, האט די פירמע א שטיק צייט אבגעפירט פארהאנדלונגען מיט דער יוניאן פאר באנייען דעם אגרימענט אום די ארבייטער זאלען ניט חושד זיין אז זי פלאנעוועט צו אנטלויפען מיט'ן שאפ.

די יוניאן האט נאכגעפאלגט דעם באס און אויסגעפונען וואו ער האט געעפענט דעם נייעם פלאץ און דאן פארקלאגט די פירמע פאר דער לעיבאר רילעישאנס באארד. די באארד האט איצט ארויסגעגעבען איר ענטשיידונג צו גונסטען דער יוניאן. די פירמע מוז ניט נאר צוריקנעמען אלע ארבייטער און באצאלען זיי שכירות פאר א קארגען יאר, נאר זי מוז אויך דעקען די אויסגאבען פון די ארבייטער אויף אריבערציהען זיך אין שטעטעל, וואו די פאבריק געפינט זיך.

## אין איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט

דער קעמפעין וואס אונזער דעפארטמענט האט אנגעהויבען מיט א פאר מאנאטען צוריק, אין פארבינדונג מיט דעם ארגאניזאציאנס דרייוו וואס די דרעס דזשאינט באארד האט אנגעפירט געגען די ניט יוניאן דזשאבערס, הויפטזאכליך אין דער ביליגער ליין — שרייבט הערי וואנדער, מענעדזשער פון דעם אוט־אוו־טאון דעפארטמענט — ווערט פארטגעזעצט אן אפשטעל טראץ דעם שטארקען ווידערשטאנד פון די בעלי בתים. אין דער טעריטאריע וואס געפינט זיך אונטערן קאנטראל פון דעם דעפארטמענט זיינען נאך איצט 23 שעפער אין סטרייק. דער דעפארטמענט האט מאביליזירט אלע קרעפטען אנצוהאלטען פיקעט ליינס ארום די סטרייקענדע שעפער און זיי ווערען כסדר באוואכט.

מאנכע פון די סטרייקס גייען שוין אן דעם פינפטען מאנאט. צווישען די פארצויגענע סטרייקס וואס זיינען גערופען געווארען אין פעברואר און האלטען נאך אן, זיינען די „סופערסטייל" פון ראוזביינק, סטעיטען איילאנד און די „לארא ליע" פון לאנג ברענטש, נ. דזש. די לארא ליע האט ארויסגעקראגען אן אינדזשאנקשאן געגען דער יוניאן וואס מאכט דאס אנפירען דעם סטרייק פיל שווערער. דער סטרייק געגען דער „ברונא דרעס" פון פלעינפילד, נ. דזש., ציט זיך שוין איבער דריי מאנאטען. א חוץ די, האט דער דעפארטמענט די סטרייקס אין פארבינדונג מיט דער קאפלאן און עלייעס פירמע, די „יוניאן דרעס" פון נארד בוירגען און די „וואניטי דרעס" פון סאוטה ריווער.

אין וועסטשעסטער קאונטי האט דער דעפארטמענט א זייער פארביטערטען סטרייק אין יאנקערס. דער סטרייק איז געגען דער „האדסאן דרעס". די יוניאן האט די פירמע געסטרייקט מיט א פאר יאר צוריק. סוף אפריל היי־יאר איז דער סטרייק באנייט געווארען. סטרייקערס און יוניאן ארגאנייזערס ווערען דארט מערדערליך אטאקירט. דער לעצטער קרבן פון די געוואלד־טאטען איז שוועסטער אסתר גארדאן, ארגאנייזער פון דער יוניאן וועלכע איז צעשלאגען געווארען פון א טעקסי־דרייווער וואס פירט סטרייק־ברעכער צו דער ארבייט.

לאקאל 143 פון מאונט ווערנאן וועלכער שטייט אונטערן קאנטראל פון אוט־אוו־טאון דעפארטמענט פירט אן סטרייקס געגען דער „וועניס דרעס", „ביזי בי דרעס" און „אדאמס דרעס" אין יאנקערס; די „מאראביטא דרעס" און „ג. וואלענטיין שאפ" אין ווייט־פלעינס און די „טאק דרעס" אין טאקאהא, ניו יארק.

דריי סטרייקס האט דער דעפארטמענט אפ־סטעיט ניו יארק. זיי זיינען: „עקסעלסיאר" און „קינג דרעס" אין קינגסטאן, ניו יארק און די „וואלדען דרעס" אין וואלדען. די לעצטע פירמע האט געארבייט פאר די „מארוועל דרעס", א ניו יארקער דזשאבער און איז איינגעשלאסען געווארען אין דעם אגרימענט וואס די דרעס דזשאינט באארד האט געשלאסען מיט דער פירמע. דער קאנטראקטאר האט אבער חרטה געהאט און זיך אנטזאגט אנצוהאלטען א יוניאן שאפ. ער האט בעסער אויפגעגעבען די ארבייט פאר דעם געסטעטלטען דזשאבער און זיך גענומען ארבייטען פאר ניט יוניאן פירמעס. דער סטרייק איז באנייט געווארען און ווערט אנגעפירט ענערגיש.

אין ניו דזשוירזי האט דער דעפארטמענט צוויי סטרייקס. די „שעווטשיק דרעס" פון אראנדזש און „לוקס דרעס" פון נוארק. לאקאל 144 פון נוארק קאנצענטרירט אלע כחות אנצוהאלטען אן ענערגישע פיקעט ליין ארום דעם לוקס שאפ. אין קאנעטיקוט האט דער דעפארטמענט איין סטרייק — געגען דער „באני פראקס" אין מידעלטאון און אין לאנג איילאנד פיר סטרייקס — די „טרינאקריא" אין אסטאריא איז אין סטרייק זינט סוף אפריל; „בראמסמאן" אין אזאן פארק איז אין סטרייק זינט די ערשטע וואך אין מאי; די אנדערע צוויי שעפער זיינען סובסידיעס פון דער טרויעריג בארימטער „בליו דעיל דרעס" פון ניו יארק. זיי זיינען: די „פישמאן דרעס" אין היקסוויל און די „מ. פיין גוירש", וועלכע האט זיך ניט לאנג צוריק געעפענט אין דזשעמייקא.

# אין קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט

עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט שרייבט:

אין די קאטאן גארמענט שעפער איז געווארען אזוי ביזי, אז עס זיינען פאקטיש נישטא גענוג אפערייטארס אויף דרעסעס. דער סעזאן וואס האט זיך אנגעהויבען מיט אזוינע אומעטיגע נביאות, פארענדיגט זיך אלס איינער פון די בעסטע סעזאנען וואס מיר האבען געהאט פאר א לאנגע צייט. איבערהויפט איז ביזי אין דער ביליגער ליין דרעסעס. ארבייטער ווייזען אן, אז זיי געדענקען ניט דעם יאר ווען אין מיטען יוני זאל זיין אזוי פיל ארבייט אין טרייד. די ארבייטער קומען איצט א ביסעל צו זיך פון די מאגערע צייטען וואס זיי האבען דורכגעמאכט.

רייזבערג ווייזט אן, אז אין אנהויב סעזאן ווען עס איז געווען ווייניג ארבייט, האבען די בעלי בתים עס פרובירט אויסנוצען אלס פראפאגאנדע מיטעל געגען דער יוניאן. די ניו יארקער באסעס האבען געהעצט, אז די שעפער אוט־אור־טאון נעמען אוועק די גאנצע ארבייט און עס איז דעריבער נישטא קיין ארבייט אין די ניו יארקער שעפער. די באסעס אוט־אור־טאון ווידער האבען געקלאגט, אז ניו יארק פארהאלט די גאנצע ארבייט און עס איז דעריבער סלעק אין די אוט־אור־טאון שעפער. כאטש די יוניאן האט כסדר געוויזען אז דאס זיינען שוין אלטע טענות און גרונדלאזע; אז עס איז איינפאך נישטא קיין ארבייט אין טרייד און דעריבער זיינען די ארבייטער אן באשעפטיגונג אין אלע מארקעטס, האט אבער די פראפאגאנדע פון די באסעס געהאט א געוויסע ווירקונג אויף די ווייניגער אנטוויקעלטע ארבייטער וועלכע זיינען פארסמ'ט געווארען פון דער באסישער פראפאגאנדע. איצט אבער ווען עס איז געווארען ביזי אין דער ביליגער ליין און די ארבייטער סיי אין ניו יארק און סיי אין די שעפער אוט־אור־טאון האבען גענוג ארבייט, זעהען שוין אלע איין ווי פאלש עס זיינען געווען די טענות. די אורזאך פאר דעם גוטען סעזאן זיינען צוויי־פאך: ערשטענס דער ענערגישער ארגאניזאציאנס קאמפעין וואס די יוניאן האט דורכגעפירט וועלכער האט אפגעשניטען די קאנקורענץ פון די סוועט שעפער און צווייטענס דאס וואס די עקאנאמישע לאגע אין לאנד אין אלגעמיין האט זיך אביסעל פארבעסערט.

## בייטען דעם נאמען העלפט שוין אויך ניט.

דער סטרייק געגען דער „קאפלאן און עלייעס שאפ", אין העריסבורג, פענסילווייניע, טרעט שוין אריין אין צווייטען האלבען יאר. די ענטשלאסענהייט און מאראל פון די סטרייקער, איז דורך דעם פארצויגענעם סטרייק ניט פארקלענערט געווארען. די פירמע האט שוין אויספרובירט אלע מיטלען. זי האט שוין אפילו געביטען דעם נאמען פון „סלענדער מעיד" אויף „קוויקער מעיד", אבער אויך דאס האט ניט געהאלפען. די ארבייט ווערט נאך אלץ ניט געמאכט און דער באס וועט מוזען סעטלען.

## טשילדרען דרעסמאכער אין דענוויל שטימען פאר אינטערנעשאנעל.

אין דער אפשטימונג וואס די נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד האט דעם מאנאט דורכגעפירט צווישען די ארבייטער פון דעם דענוויל ברענטש פון דער „מעקעדו ספארטוועיר קא." צו באשטימען ווער עס זאל זיי פארטרעטען ביי געמיינשאפטליכע פארהאנדלונגען מיט דער פירמע האט די גרויסע מאיאריטעט געשטימט צו זיין פארטראטען דורך דער אינטערנעשאנאל.

די אינטערנעשאנאל פירט איצט אן צווישען די ארבייטער פון דער פירמע א טיכטיגען ארגאניזאציאנס קאמפעין אונטער דער אויפזיכט פון ארגאנייזער סאול גרין. די יוניאן וועט אין גיכען אנהויבען פארהאנדלען מיט דער פירמע פאר אן אגרימענט.

## צוויי גרויסע אונטערוועש פירמעס באנייען אגרימענט.

צוויי גרויסע אונטערוועש פירמעס האבען דעם מאנאט באנייט זייערע אגרימענטס מיט דער אינטערנעשאנאל מיט געווינסען פאר די ארבייטער. איינע פון די פירמעס איז „דייווידסאן בראדערס" פון וועסט וואראוויק, ראוד איילאנד. דאס איז איינע פון די גרעסטע פירמעס אין לאנד. זי פראדוצירט זיידענע פרויען־אונטערוועש און באשעפטיגט 350 ארבייטער. דער אגרימענט איז באנייט געווארען אויף צוויי יאר און די ארבייטער האבען געקראגען א העכערונג פון אכט פראצענט אויף די שכירות.

די צווייטע פירמע איז „סאל פרידמאן ענד סאן", פון בריסטאל, פענסילווייניע. די פירמע מאכט א ביליגע ליין אונטערוועש און באשעפטיגט הונדערט ארבייטער. די ארבייטער האבען דורך דעם נייעם אגרימענט געוואונען אנדערטהאלבען מאל געצאלט פאר אווערטיים אנשטאט איינס מיט א פערטעל געצאלט, וואס זיי האבען געהאט אונטער דעם לעצטען אגרימענט. די פרעסערס אין דעם שאפ האבען געקראגען א העכערונג פון צען פראצענט אויף די שכירות.

## לאועל, מאסס., גרייט זיך צו באנייען אגרימענט.

לאקאל 281 פון לאועל, מאסאטשוזעטס, גרייט זיך צו באנייען דעם אגרימענט מיט דער סאפאלק ניטיניג מילס, וועלכער גייט אויס נעקסטען מאנאט. וויס־פרעזידענט עלייעס רייזבערג האט געהאט א מיטינג מיט דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל וואו עס זיינען דיסקוטירט געווארען די פאדערונגען וואס די יוניאן זאל שטעלען צום נייעם אגרימענט און פלענער פון ארבייט.

# די לאגע אין וויניפעג

מייער פערלשטיין, אינטערנעשאנאל פארטרעטער אין דער סאוט־וועסט איז דעם מאנאט געשיקט געווארען פון פרעזידענט דובינסקי נאך וויניפעג, מאניטאבא, צו העלפען דעם דארטיגען לאקאל אין די פארהאנדלונגען צו באנייען דעם אגרימענט אין קלאוק טרייד. וועגען דער לאגע אין וויניפעג שרייבט ער:

אין דער קלאוק אינדוסטרי זיינען דארט באשעפטיגט ארום 600 ארבייטער. אלע זיינען זיי מיטגלידער פון דער יוניאן און ארבייטען אין יוניאן שעפער. דער אינטערנעשאנעל לאקאל אין וויניפעג, לאקאל 216, איז אין גאנצען 4 יאר אלט. עס איז זיי אבער געלונגען פאר דער צייט פיל צו פארבעסערען די באדינגונגען פון די ארבייטער. דאס איז דער ערשטער קלאוק מארקעט וואו מען באגעגנט אין טרייד יונגע לייט וואס האבען זיך אויסגעלערענט אלס אפערייטארס דורך די לעצטע עטליכע יאר. פילע פון די יונגע מענשען באזיצען א סיסטעמאטישע אויסבילדונג.

די ארבייטס סיסטעם אין וויניפעג איז וואך־ארבעט. כאטש די שכירות זיינען באדייטענד געהעכערט געווארען דורך די לעצטע פאר יאר, זיינען זיי נאך אלץ זייער נידעריג. די דורכשניטליכע שכירות פון א קוואליפיצירטען קלאוק אפערייטאר איז ארום 24 דאלאר א וואך פאר פערציג שטונדען ארבייט. יעדער אפערייטאר ארבייט מיט א פאר ארויסהעלפער וועלכע קריגען פון 9 ביז 16 דאלאר א וואך. די דורכשניטליכע שכירות פון א קאטער איז אויך ארום 24 דאלאר א וואך. די יוניאן פאדערט איצט א פעסטען מינימום סקעיל פאר אלע ארבייטער אין טרייד און א מינימום פון 30 דאלאר א וואך פאר קוואליפיצירטע קאטערס און אפערייטארס.

די ערשטע קאנפערענץ מיט די קלאוק בעלי בתים איז אפגעהאלטען געווארען דעם זעקסטען יוני. אין אנהויב האבען די בעלי בתים גע'טענה'ט ווי אלע מאל, אז זיי קענען ניט צאלען מעהר ווי זיי צאלען איצט און וועלען מוזען ארויס פון ביזנעס אויב זיי וועלען דארפען צאלען העכערע שכירות. עס זיינען אבער צווישען זיי אויך געווען אייניגע וואס האבען גענומען א ליבעראלערע שטעלונג אין דער פראגע.

אויף מארגען איז אפגעהאלטען געווארען א גוט באזוכטער מיטינג פון די מיטגלידער. ארום 500 פון די 600 מעמבערס זיינען געקומען צום מיטינג און עס איז געווען א פארגעניגען צו זען די יונגע מענער און פרויען דיסקוסירען זייערע פראבלעמען. גרויס קרעדיט פאר דעם פיינעם גייסט וואס עס הערשט צווישען די ארבייטער קומט דעם מענעדזשער פון לאקאל ברודער סעמיועל הערבסט און דער סעקרעטערין פון לאקאל רעי לעווין.

דורך דעם איינפלוס פון אונזער אינטערנעשאנאל יוניאן ווערט וויניפעג א יוניאן־שטאט. די דרעסמאכער ארגאניזירען זיך און אזוי אויך די אנדערע נאדעל טרייד ארבייטער.

# דאנעלי אינדזשאנקשאן אפעלירט

די אינטערנעשאנאל האט אנגעשטעלט א רייע פראמינענטע לאיערס צו אפעלירען די קעיס געגען דעם אינדזשאנקשאן וואס די דאנעלי גארמענט קאמפאני פון קענזעס סיטי האט ארויסגעקראגען געגען דער אינטערנעשאנאל אין פעדעראל דיסטריקט קאורט. אלס הויפט לאיער איז אנגאזשירט געווארען דיען אטשעסאן, וועלכער איז געווען אונטער־סעקרעטאר פון פינאנס מיניסטעריום פון די פאראייניגטע שטאטען אין צייט פון פרעזידענט רוזוועלט'ס ערשטען טערמין. צוזאמען מיט איהם זיינען אנגעשטעלט געווארען אויף צוגרייטען און ארגומענטירען די קעיס, לאיד ק. גאריסאן, דיען פון דער יוניווערסיטי אוו וויסקאנסין לאא סקול; דזשאזעף א. פאדוועי, הויפט לאיער פון דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר; נייטהען גרין; דזשעראם וואלש און עמיל שלעזינגער, דער אינטערנעשאנאל לאיער פון ניו יארק.

גלייכצייטיג גייט אן אין קענזעס סיטי דער פארהער פון דער נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד אויף דער קלאגע וואס די יוניאן האט אריינגעגעבען געגען דער דאנעלי קאמפאני פאר דיסקרימינירען געגען ארבייטער וואס זיינען מיטגלידער פון אונזער יוניאן.

אריגינעל האט זיך דער פארהער אנגעהויבען דעם 6טען יוני. די לאיערס פון דער קאמפאני און פון דער אזוי־גערופענער דאנעלי עמפלאיס יוניאן, די קאמפאני יוניאן מיט וועמען די פירמע האט אונטערגעשריבען א קלאוזד שאפ אגרימענט, האבען געטאן אלץ וואס זיי האבען געקענט צו פארשלעפען און אפלייגען דעם פארהער. ענדליך דעם 13טען יוני האט זיך דער פארהער אנגעהויבען. ווען די שורות ווערען געשריבען גייט דער פארהער נאך אן. די יוניאן איז דארט פארטראטען דורך א פראמינענטען לאיער קליף לאנדסדעיל און דזשעין פאלמער העלפט איהם ארויס. דער לאיער זוכט צו באווייזען דורך די יוניאן עדות און דורך א קרייד פארהער פון די באאמטע פון דער דאנעלי יוניאן, אז דאס איז ניט מעהר ווי א קאמפאני יוניאן וואס איז באשאפען געווארען כדי צו פארהיטען אז די ארבייטער זאלען ניט ארגאניזירט ווערען אין דער אינטערנעשאנאל.

# אין דער סאוט־וועסט

א צאל אגרימענטס אין דער סאוט־וועסט טעריטאריע זיינען דעם מאנאט באנייט געווארען. אין א צאל פלעצער גייען אן פארהאנדלונגען מיט פירמעס וועגען באנייען אגרימענטס.

אין סיינט לואיס זיינען באנייט געווארען די אגרימענטס מיט דער „מיוטשועל גארמענט קאמפאני", א גרויסע אונטערוועש שאפ וועלכער באשעפטיגט הונדערט ארבייטער. די פירמע האט צום ערשטען מאל אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן מיט צוויי יאר צוריק און האט זיך ערשט ניט לאנג צוריק אנגעשלאסען אן דער אסאסיעישאן. אונטער דעם נייעם אגרימענט איז דארט איינגעשטעלט געווארען א קלאוזד שאפ און אלע ארבייטער האבען געקראגען א העכערונג אויף די שכירות. די קאטערס האבען געקראגען א העכערונג פון צוויי א האלב דאלאר א וואך יעדער; די שטיק ארבייטער האבען געקראגען א העכערונג פון זיבען און א האלב פראצענט. פארהאנדלונגען זיינען אנגעהויבען געווארען מיט די אנדערע אונטערוועש מאנופעקטשורערס אין סיינט לואיס און די ארבייטער ערווארטען צו קריגען אויך דארט די זעלביגע העכערונגען ווי די ארבייטער פון דער מיוטשועל גארמענט קאמפאני האבען געקראגען.

די „גאוועלטי דרעס קאמפאני" האט באנייט דעם אגרימענט פאר די נעקסטע צוויי יאר געבענדיג די ארבייטער א מינימום פון 14 דאלאר א וואך אויף די ביליגע ליין דרעסעס און העכערע שכירות פאר די וואס ארבייטען אויף די בעסערע ליינס. די פירמע פראדוצירט הויז דרעסעס וואס פארקויפען זיך פון 8.50 דאלאר ביז דרייסיג דאלאר א טוצען.

די יוניאן פירט אן פארהאנדלונגען מיט דער „רייס־סטיקס דריי גודס קאמפאני" פון סיינט לואיס וועגען באנייען דעם אגרימענט פאר זייער קאטאן און טשילדרען דרעס שאפ וואס זיי האבען אונטערגעשריבען מיט אנדערהאלבען יאר צוריק און וועלכער איז אויסגעגאנגען סוף מאי. די יוניאן האט געהאט היבש

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין דעם טרייד

פון לואיס ע. לאַנגער
סעקרעטאַר ניו יאָרק דזשאָינט באָארד קלאָוקמאַכער יוניאָן

די באַריכטען פון די קלאָוק סיילסלייט פון ראוד זיינען זעהר ערפרעהענד. לויט זייערע באַריכטען ערוואַרטעט מען, אַז דער היי־יאָריגער ווינטער סעזאָן זאָל זיך אָנהויבען פריהער ווי געוויינליך. אַ באַריכט פון אַ סיילסמאַן מיינט אָרדערס. ווען מען פאַרגלייכט די אָרדערס פון דעם יאָר מיט די וואָס זיינען אַריינגעקומען לעצטעס יאָר אין דער צייט, שטייגען די היינטיגע אָרדערס פיל אַריבער.

די סיילסלייט אין זייערע באַריכטען זאָגען, אַז די ריטעילערס איבערן לאַנד גלויבען אַז דער ווינטער סעזאָן דאָס יאָר וועט זיין ניט קיין שלעכטער. זיי האָבען ניט קיין סטאָק אין די סטאָרס און אין אַלגעמיין זעהען זיי אַן אויפלעבונג אין אַנדערע ביזנעס אַפּטיילונגען איבערן לאַנד.

אײדער דער סעזאָן פאַנגט זיך אָן ווערט אַלע מאָל געשאַפען שטימונג אַז דער סעזאָן וועט זיין אַ גוטער. דאָס ווערט געטאָן מיט דער כונה ערשטענס, צו געבען דעם מאַנופעקטשורער מוט אויפצוהאַלטען די פרייזען און צווייטענס ער זאָל ניט לאָזען די „שאַרקס", די רעזידענט בייערס, צו קריגען פון איהם דאָס בעסטע. אום די בייערס זאָלען איהם ניט קענען אויסנוצען, אַגיטירט מען די מאַנופעקטשורערס אַז זיי זאָלען בלויז אַרבייטען פון האַנד צום מויל, זיי זאָלען זיך ניט אָנגרייטען מיט צופיל סטאָק. ווייל וואָס מעהר סטאָק זיי גרייטען אָן, אַלץ וויניגער געלעגענהייט האָבען זיי צו מאַכען אַ סעזאָן מיט פּראָפיט. פאַרשטענדליך, אַז ניט אַלע מאַנופעקטשורערס הערען זיך צו צו דער אַגיטאַציע. דער מאַנופעקטשורער וועלכער האָט קאַפּיטאַל אַרבייט און ער האָט פאַר די שאַרקס ניט קיין מורא. פאַר דעם שפּיץ פון דעם דאָלאַר וואָס זיי צייגען איהם ווערט ער ניט נתפּעל, ווייל ער אַליין האָט אויך גענוג און ער קען אויסהאַלטען ביז וואַנען די ריכטיגע צייט צום פאַרקויפען קומט אָן. צו דער אַגיטאַציע הערען זיך אָבער יאָ צו די קליינע מאַנופעקטשורערס וועלכע אַרבייטען מיט באַשרענקטען קאַפּיטאַל. זיי אַרבייטען פון האַנט צום מויל אום זיך ניט צו איבערסטאַקען אַז דער שאַרק זאָל ניט האָבען וואָס צו פרעסען.

פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער אַלגעמיינער אינדוסטרי איז די אַגיטאַציע פיליכט קאָנסטרוקטיוו. די קלאָוקמאַכער אָבער פאַרלירען דורך דעם מאָמענטאַל, ווייל ווען אַ מאַנופעקטשורער אַרבייט פון האַנד אין מויל, מורא האָבענדיג זיך איבערצוסטאַקען, אַרבייט ער בלויז ווען ער פאַרקויפט.

אַ סימן פאַר אַ גוטען סעזאָן איז אויך דער פאַרקויף פון וואָרעס וועלכער איז זעהר אַ גוטער באַראָמעטער. לויט די באַריכטען פון דער וואָלען אינדוסטרי, איז היינטיגען יאָר פאַרקויפט געוואָרען וואָרעס מער ווי לעצטעס יאָר אין דער צייט.

⁂

וואָס הערט זיך מיט דעם קלאָוק פּראָדזשעקט? דעם קלאָוק פּראָדזשעקט פון דער וו. פּ. אַ. האָבען די רעאַקציאָנערען אין וואַשינגטאָן איצט אַרויפגעלייגט אויף דעם „בענקעל". וואַשינגטאָן אונטערזוכט ווי אַזוי די קלאָוקמאַכער זיינען אָנגעקומען אויף דעם פּראָדזשעקט. וואַשינגטאָן וויל וויסען צו מען האָט די קלאָוקמאַכער אונטערזוכט אײדער מען האָט זיי געזעצט צו דער אַרבייט, צו נאָכהער, ווען זיי האָבען שוין דאָרטען געאַרבייט. וואָלטען די פּאָליטישענס וועמען די וו. פּ. אַ. פּראַגע ליגט ווי אַ ביין אין האַלז, אַליין געצוואונגען געווען צו זוכען דזשאָבס, וואָלטען זיי זיך ניט געקימערט ווי אַזוי דער קלאָוקמאַכער אָדער אַנדערע אַרבייטער זיינען אָנגעקומען אַרבייטען ביי דער וו. פּ. אַ.

אַז די רעאַקציע וויל פּטור ווערען פון דער וו. פּ. אַ. איז שוין לאַנג באַוואוסט. דעריבער זוכט זי פּגימות וועגען אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט וו. פּ. אַ. די רעאַקציע וואָלט די וו. פּ. אַ. שוין פון לאַנג אָפּגעשאַפט ווען זי וואָלט ניט מורא געהאַט פאַר דעם צאָרן פון די הונגעריגע מאַסען וועלכע קאָנען ניט געפינען קיין דזשאָבס ביי זייערע טריידס און מוזען אָנקומען נאָך אַרבייט צו דער וו. פּ. אַ. עס איז אויך זיכער, אַז וואָלטען די הונגעריגע מאַסען ניט געהאַט דעם גרויסען מענשען פריינד, פּרעזידענט רוזוועלט, אין וואַשינגטאָן, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט די הונגעריגע און אַרבייטסלאָזע מאַסען אין אַמעריקע, וואָלט די וו. פּ. אַ. שוין לאַנג ניט געווען אַפילו דאָס וואָס זי איז, נאָר זי וואָלט געווען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

דעם פּערסאָנאַל פון קלאָוק פּראָדזשעקט האָט מען שוין פון לאַנג אָנגעפאַנגען צו רעדוצירען. פון צוויי שיפטס אַ טאָג איז עס רעדוצירט געוואָרען צו איין שיפט, וואָס מיינט 2 שיפטס אַ חודש. און פון די צוויי שיפטס האָט מען אַ צאָל מענשען אין גאַנצען אַוועקגעשיקט, ניט אַכטענדיק דאַרויף וואָס די וו. פּ. אַ. האָט באַשטעטיגט אַז זיי זיינען דאָרטען באַרעכטיגט צו אַרבייטען, און אַ צאָל מענשען האָט מען אָפּגעלייגט אונטער דער פּרעטענזיע אַז עס זיינען ניטאָ קיין וואָרעס און קיין ליינינגס אָפּצופערטיגען די אויפגעמאַכטע קאָוטס. פאַר דעם וואָס עס זיינען ניטאָ קיין ליינינגס אויסצוענדיגען די קאָוטס איז פאַראַנטוואָרטליך די ניו יאָרקער וועלפעיר באָארד. אַזוי זאָגען די הויפּט מענשען פון דעם פּראָדזשעקט. זאָלען די ליינינגס אַריינקומען וועלען, ווי מען האָט מיר ערקלערט, די מענשען וועלכע האָבען ניט געקראָגען קיין „פּינק סליפּס" צוריקגערופען ווערען צו דער אַרבייט.

צו דער פּראָדזשעקט וועט אויפגעהאַלטען ווערען צי ניט, דאָס קען מען ניט וויסען. היינטיגען טאָג אַרבייטען נאָך דאָרטען אַ 150 מענשען פון די איבער 500 וואָס האָבען דאָרטען געאַרבייט ווען דער פּראָדזשעקט האָט זיך געעפענט. אויב דער פּראָדזשעקט וועט אָנהאַלטען, וועלען נייע מענשען ניט אָנגענומען ווערען אויף דעם דזשאָב סיידען זיי וועלען צוערשט אונטערזוכט ווערען.

⁂

מיט דעם וואָס די וואַלען אין לאָקאַל 117 זיינען שוין פאַראיבער און די אַדמיניסטראַציע אין דעם לאָקאַל האָט זיך געביטען האָט זיך די אַלגעמיינע יוניאָן ניט אָפּגעשטעלט. זי גייט ווייטער אָן מיט דער אַרבייט צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די מעמבערס. דער קאַמפּעין אָן־און־פאַר־זיך איז געווען זעהר אַ הייסער.

די צדדים האָבען זיך איינער דעם אַנדערען ניט געשאָנעוועט. די מעמבערס האָבען געשטימט ווער עס זאָל און ווער עס זאָל ניט ערוויילט ווערען. פאַר די אינטערעסען פון דער יוניאָן איז נויטיג אַז דעם פּלאַץ פון דער ביטערקייט דורך די וואַלען זאָל איצט פאַרנעמען דער געפיל פון איינינקייט. דאָס פאָדערען די אינטערעסען פון די מעמבערס.

⁂

ברודער ליווי וועלכער האָט געדינט דעם לאָקאַל אַלס מענעדזשער פאַר אַ משך פון יאָרען איז ניט מעהר געלאָפען. ווי עס ווערט איבערגעגעבען האָבען איהם די דאָקטוירים פאַרוואָרט פאָרצוזעצען זיין טעטיגקייט אַלס מענעדזשער, וועלכעס איז זעהר אַן אָנגעשטרענגטע אַרבייט. ברודער ליווי, אין זיין אַמט אַלס לאָקאַל מענעדזשער, איז געאַכטעט געוואָרען פון אַלע וועלכע זיינען מיט איהם געקומען אין נאָהענטער באַרירונג סיי אין דער אַרבייט פון זיין אייגענער יוניאָן, און סיי אין דער טעטיגקייט פאַר דער אַלגעמיינער אַרבייטער באַוועגונג.

די מעמבערס פון זיין לאָקאַל האָבען זיך תמיד צו איהם באַצויגען מיט דער גרעסטער ווירדע און האָבען ביי יעדער געלעגענהייט איהם אַרויסגעצייגט דעם צוטרויען אין זיין ערנסטקייט פאַר די אינטערעסען פון די מעמבערס. פאַר דער צייט וואָס זיין געזונט האָט איהם געפעלט האָבען די מעמבערס איהם אַרויסגעצייגט די גרעסטע מאָס סימפּאַטיע ניט נאָר אַלס זייער פירער, נאָר אויך אַלס פּערזאָן.

מיר באַדויערען זעהר שטאַרק וואָס ברודער ליווי האָט צוליב זיין שוואַכען געזונט געמוזט צייטווייליג אויפגעבען זיין טעטיגקייט אין דער יוניאָן. מיר ווינשען אַז ער זאָל וואָס שנעלער אין גאַנצען געזונט ווערען און ער זאָל ווייטער קאָנען זיין טעטיג אין אונזערע רייען.

⁂

ברודער צוקערמאַן וועלכער איז געווען דער געגען־קאַנדידאַט פאַר מענעדזשער איז ביז די וואַלען געווען דער טשערמאַן פון דער דזשאָינט באָארד און דער טשערמאַן פון לאָקאַל 117, און אין ביידע עמטער האָט ער ערנסט און ערליך געדינט די אינטערעסען פון זיין לאָקאַל בפרט און פון דער יוניאָן בכלל. ער וועט זיכער ווייטער פאָרטזעצען זיין אַרבייט לטובת דער גאַנצער יוניאָן ווי ער האָט דאָס געטאָן אין זיינע אָפיציעלע עמטער.

⁂

ברודער ב. קאַפּלאַן, וועמען די מעמבערס האָבען באַשטימט אַלס זייער מענעדזשער איז פאַר פילע יאָרען געווען דער דיסטריקט מענעדזשער פון איינעם פון די וויכטיגסטע דעפּאַרטמענטס פון דזשאָינט באָארד. ער האָט תמיד געטאָן זיין אַרבייט ערנסט און אויפריכטיג פאַר די מעמבערס פון די אַנדערע לאָקאַלס, אַזוי גוט ווי ער האָט דאָס געטאָן פאַר די מעמבערס פון זיין לאָקאַל דורך וועלכע ער איז צו דעם אָפיס, וועלכען ער גייט איצט פאַרנעמען, ערוויילט געוואָרען. אַלס דער מענעדזשער פון לאָקאַל 117 פאַרבלייבט ער טעטיג מיט דער דזשאָינט באָארד ווי ער איז געווען בעפאַר ווען ער האָט דער יוניאָן געדינט אַלס דיסטריקט מענעדזשער. מיט זיין ערוויילונג אַלס לאָקאַל מענעדזשער איז ער דערהויבען געוואָרען צו דעם ראַנג אַלס דער פירער פון די אָפּערייטאָרס.

מיר ווילען האָפען אַז די מעמבערס וועלכע האָבען ניט געשטימט פאַר איהם וועלען באַטראַכטען זיין זיג אין דעם ליכט אַלס דער ווילען און אויסדרוק פון דער מאַיאָריטעט פון די מעמבערס און וועלען איהם געבען יעדע קאָאָפּעראַציע אַז ער זאָל קאָנען אויסנוצען זיין פלייסיגקייט און אַרבייטזאַמקייט פאַר די אינטערעסען פון אַלע קלאָוק אָפּערייטאָרס וועלכע האָבען איהם מיט זייער פולען באַוואוסטזיין אָנפאַרטרויט זייער פירערשאַפט.

אין דעם נאָמען פון דזשאָינט באָארד וויל איך איהם, צוזאַמען מיט דער ניי־אַריינגייענדער אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 117, ווינשען דעם בעסטען ערפאָלג אין זייער אַרבייט. דער ערפאָלג פון די קלאָוק אָפּערייטאָרס איז אויך גלייכצייטיג דער ערפאָלג פון דער דזשאָינט באָארד.

---

טראָבעל מיט דער פירמע און איז געצוואונגען געווען צו פאַרקלאָגען די פירמע אין געריכט צו צווינגען איהר נאָכקומען דעם אַגרימענט. איצט פאָדערט די יוניאָן העכערע שכירות פאַר די אַרבייטער און פונקטען וועגען אַ בעסערען יוניאָן קאָנטראָל.

די יוניאָן האָט אויך באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער „טרייסטעיט מאַנופעקטשורינג קאָ." פון מעמפיס, טענעסי. די פירמע פּראָדוצירט אַ ביליגע ליין קאָטאָן דרעסעס. דורך דעם נייעם אַגרימענט איז די אַרבייטס סיסטעם אין דעם שאָפּ געביטען געוואָרען פון שטיק אַרבייט אויף וואָך אַרבייט. די שכירות זיינען באַשטימט געוואָרען לויט די פּראָדוקציאָנס פעהיגקייטען פון יעדע אַרבייטערין. די אַרבייטער האָבען גוט געהייסען דעם אָפּמאַך ביי אַ שאָפּ מיטינג.

אין קענזעס סיטי האָט די יוניאָן באַנייט די אַגרימענטס מיט צוויי אונטערוועש שעפּער, די „קאַמיליע אַזאַר קאָמפּאַני" און די „מעיפעיר מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני", נאָך פאַרהאַנדלונגען וואָס האָבען זיך געצויגען עטליכע וואָכען. די מינימום סקעילס פאַר פרויען אַרבייטער איז געהעכערט געוואָרען פון 13 אויף 14 דאָלאַר אַ וואָך. חוץ דעם האָבען אַלע פרויען אַרבייטער געקראָגען אַ העכערונג פון איין דאָלאַר אַ וואָך גלייך און נאָך אַ דאָלאַר אין זעקס מאָנאַטען אַרום. פאַר קאַטערס איז איינגעשטעלט געוואָרען אַ מינימום פון 37.50 דאָלאַר מיט אַ באַלדיגע העכערונג פון 10 פּראָצענט און צען פּראָצענט העכערונג יעדע זעקס מאָנאַטען ביז זיי וועלען דערגרייכען דעם מינימום סקעיל.

## גרעסטע נעקוועאַר פירמע אין ניו דזשורזי סעטעלט מיט לאָקאַל 141.

די גרעסטע שיפלי נעקוועאַר פעקטאָרי אין ניו דזשורזי, די „דאַבליו עף בריוס קאָ.", פון וועסט ניו יאָרק, ניו דזשורזי, האָט דעם מאָנאַט אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט דער לײדיס נעקוועאַר מאַכערס יוניאָן ל. 142.

די פאַבריק געפינט זיך אין 528 פאַלק סטריט און באַשעפטיגט 118 אַרבייטער. די אַרבייטער האָבען דורך דעם אַגרימענט געוואונען די אַלע יוניאָן באַדינגונגען וואָס הערשען אין די אָרגאַניזירטע שעפּער אין טרייד.

# קוויבעקער פרעמיער קלאגט אן מענעדזשער פון אונזער יוניאן אין מאנטרעאל

פון בערנארד שעהן
גענעראל־ארגאנייזער א. ל. ג. וו. יוניאן



ס איז מיר אויסגעקומען צו שרייבען איינִיגע מאל אין מיינע באריכטען וועגען דעם קאמף וואס די קוויבעקער רעגירונג פיהרט געגען אינטערנעשאנאל יוניאנס און וועגען די געזעצען וועלכע זי האט געשאפען פאר דעם דאזיגען צוועק.

צווישען די אנטי־יוניאן לעגיסלאציעס וואס זיינען לעצטען יאר דורכגעגאנגען די קוויבעקער לעדזשיסלייטשור איז אויך פאראן א געזעץ, לויט וועלכען עס ווערט אוועקגענומען פון די יוניאנס דאס רעכט צו אנווענדען דעם „קלאוזד שאפ" סיסטעם. מיט שאפען אט דעם געזעץ האט די פראווינציעלע רעגירונג פשוט דערקלערט קריג צו אלע אינטערנעשאנאל יוניאנס אין דער פראווינץ. די טרייד יוניאן פיהרער זיינען טאקע מוטיג ארויסגעטראטען און שטארק פארדאמט די דאזיגע פרא־פאשיסטישע לעגיסלאציעס. פאר א צייט האט די רעגירונג טאקע געשוויגען און זיך אפגעהאלטען פון דורכפיהרען אט די אנטי־יוניאן געזעצען. האט מען גערעכענט: אפשר האט פרעמיער דופלעסי זיך דערשראקען פאר דעם שטורמדיגען פראטעסט פון די טרייד־יוניאנס און האט חרטה למאי ער האט די דאזיגע געזעצען געשאפען. נאר דאס איז געווען א פאלשע האפענונג. מיט איינִיגע וואכען צוריק האט מען פון קוויבעק געלאזט וויסען, אז „די רעגירונג פלאנעוועט צו אנקלאגען א פראמינענטען טרייד־יוניאן פיהרער כדי צו מאכען א טעסט־קייס וועגען די נייע ארבייטער־געזעצען וועלכע זיינען אנגענומען געווארען לויט די בילס 19 און 20".

אין די טרייד־יוניאן קרייזען האט מען ספעקולירט „ווער קאן עס זיין דער טרייד־יוניאן פיהרער געגען וועלכען די רעגירונג וועט פארפירען א פראצעס?" מען איז געווען שטארק נייגעריג ביז מען האט פון קוויבעק געלאזט וויסען ווער דאס איז. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז בערנארד שעהן, דער שרייבער פון די דאזיגע שורות און דער מענעדזשער פון אונזער „אינטערנעשאנאל" אין מאנטרעאל.

ניין, עס איז ניט געווען קיין גרויסע איבערראשונג אין די טרייד־יוניאן קרייזען למאי זיי איז געפעלען צו אויסקלייבען דוקא דעם מענעדזשער פון דער א. ל. ג. וו. יוניאן פאר דער דאזיגער טעסט־קייס. אונזער אינטערנעשאנאל האט שוין געהאט צוויסטיגקייטען מיט די פראווינציעלע אויטאריטעטען נאך מיט א פאר יאהר צוריק, ווען מיר האבען ארגאניזירט די עטלאכע טויזענד פראנצויזיש־קאטאלישע דרעסמאכערינס און זיי גערופען אין א גענעראל־סטרייק, וואס דאס האט אויסגעזעהן ווי א געוואלדיגער פארברעכען אין די אויגען פון פרעמיער דופלעסי און פון אנדערע טרייד־יוניאן־שונאים וועלכע האבען געארבייט שטארק געגען אונז. דאן האט פרעמיער דופלעסי געמיינט, אז ער וועט קאנען פארניכטען אונזער יוניאן, און אין זיין קאמף געגען אונז איז ער געגאנגען אזוי ווייט ווי ארויסצוגעבען „ווארענטס" געגען מיר און געגען ברודער ראול טרעפאניע, טשערמאן פון מאנטרעאל טרעידס ענד לייבאר קאונסיל, וועלכער איז דאן געווען אין דער פיהרערשאפט פון סטרייק. אזוי שנעל ווי פרעמיער דופלעסי האט ארויסגעגעבען די „ווארענטס" האט ער זיי צוריקגעצויגען. ער האט זיך ווארשיינליך געכאפט, אז לויט די קאנאדער געזעצען קאן מען ניט ארעסטירען מענשען בלויז דערפאר ווייל זיי ארגאניזירען ארבייטער כדי צו פארבעסערען זייער לאגע. דערפאר וואס פרעמיער דופלעסי האט דאן ניט געקאנט טאן מיט אונזער יוניאן דאס וואס ער האט געוואלט איז ער גענויגט צו נעמען נקמה און דערפאר האט ער אויסגעקליבען אונזער יוניאן אויף צו מאכען די טעסט־קייס בנוגע די נייע אנטי־יוניאן געזעצען.

דאס וואס די רעגירונג האט געפונען פאר נויטיג צו נעמען געריכטליכע שריט געגען מיר האט אונז גאר ניט איבערגעשראקען. אין א געוויסען זין האט עס גראדע סטימולירט די ארבייט פון אונזער יוניאן, אויפגעלעבט יענע טייל פון דער מיטגלידערשאפט וואס איז צייטענווייז פארשלאפען. מיר זיינען גרייט צו פארטזעצען טיכטיג די ארבייט פון אונזער יוניאן טראץ אלע שוועריגקייטען.

די פארפליכטונגען צו שטעהן פעסט מיט דער יוניאן זיינען אנגענומען געווארען ביי ספעציעלע מיטינגען פון קלאוקמאכער און דרעסמאכער. דאנערשטיג, דעם 15טען, איז אפגעהאלטען געווארען א מיטינג פון אלע דזשאינט־באארד, עקזעקוטיווע מיטגלידער און שאפ־טשערליים פון די קלאוקמאכער לאקאלען און עס איז דארט באשלאסען געווארען צו געבען אן ענטפער אונזערע שונאים אויף פאלגענדען קאנסטרוקטיווען אופן, נעמליך צו זעהן, אז יעדער מיטגליד זאל זיין הונדערט פראצענט גוטשטעהענד אין זיינע דיוס־צאהלונגען.

א טאג שפעטער, נעמליך פרייטאג, דעם 16טען, איז אין אודיטאריום האל אפגעהאלטען געווארען א גענעראל מיטינג פון אלע דרעסמאכער. אויך דארט איז אנגענומען געווארען אן ענליכער באשלוס: צו שטעהן פעסט מיט דער יוניאן און מאכען גוטשטעהענד אין „דיוס" אלע מיטגלידער. דער דאזיגער מיטינג איז אדרעסירט געווארען פון מיין ווענִיגקייט און פון ברודער ראול טרעפאניע וועלכער האט אלס טשערמאן פון דעם „מאנטרעאל טרעידס ענד לייבאר קאונסיל" אויסגעדריקט צו אונז סאלידאריטעט אין נאמען פון די אנדערע טרייד־יוניאנס וועלכע זיינען אפילירט מיט'ן קאונסיל.

ווען די דאזיגע שורות ווערען געשריבען גרייטען מיר זיך צום פראצעס אין וועלכען די גאנצע טרייד־יוניאן באוועגונג איז פאראינטערעסירט (אויסער, נאטירליך, די קאטאלישע סינדיקאטען וועלכע זיינען אויך פאראינטערעסירט נאר אויף דער אנדער זייט, דאס איז, אז מיר זאלען פארלירען און די אינטערנעשאנאל יוניאנס זאלען כאפען א קלאפ). מיר וועלען האבען אין געריכט אלס פארטיידיגער אונזערע שטענדיגע אדוואקאטען: לואיס פיטש ק. פ., פיטער בערקאוויטש, ק. פ., און דזש. ספעקטאר, מיט וועלכע מיר קאנפערירען שוין צוצוגרייטען אונזער פארטיידיגונג.

### לוין־רעוויזיע סכסוך אין קלאוקס־טרייד קומט צו א קלימאקס

ווי איך האב שוין מודיע געווען אין א פריערדיגען באריכט האבען אונזערע קלאוק־מאנופעקטשורערס ארויסגעשטעלט א פארלאנג צו רעווידירען דעם לוין־סטענדארד פון דעם ערשטען יולי. מיר האבען זיך קאטעגאריש אפגעזאגט און אונטערהאנדלונגען זיינען אנגעגאנגען וועגען דעם, און איצט, ווען די דאזיגע שורות ווערען געשריבען איז עס געקומען צו א קלימאקס.

די לעצטע קאנפערענץ מיט די בעלי־בתים איז פארגעקומען דעם 13טען. אונזער צד איז דארט געווען פארטראטען מיט 16 פערזאן אונטער דער אנפירערשאפט פון מיין ווענִיגקייט און פון ברודער סעם קרייזמאן, אסיסטענט־מענעדזשער.

ביי דער דאזיגער קאנפערענץ האבען מיר קלאר געמאכט אונזער שטעלונג ווי פאלגט:

עס איז ניטא קיין בארעכטיגטע אורזאך צו פארלאנגען א רעדוצירונג אין לוין.

אין די לעצטע 5 יאר איז ניט געהערט געווארען, אז א וויכטיגע אינדוסטריע זאל האבען דורכגעפירט א רעדוצירונג אין ווייִדזשעס. מיר וועלען ניט ערלויבען, אז אונזער אינדוסטריע זאל זיין די ערשטע צו מאכען אזא שריט, וואס איז שעדליך ניט בלויז פאר אונז, נאר פאר'ן גאנצען לאנד. א רעדוצירונג אין לוין וואלט נאך מעהר ארונטערגעדריקט די קויף־קראפט פון די ארבייטער־מאסען און עס וואלט פארשטארקט די דעפרעסיע.

מיר האבען אויך אנגעוויזען, אז א שניט אין ווייִדזשעס וואלט געווען אן אויפטרייסלונג אין דער סטאביליטעט פון דעם קלאוקס־טרייד איבער'ן לאנד. בעלי־בתים פון טאראנטא וואלטען דאן אויך פארלאנגט א רעדוצירונג. די בעלי־מלאכות אין וויניפעג וואלטען ניט געקראגען זייער פארלאנגען „רעיז" און פאר אונזערע קלאוקמאכער אין וואנקואווער וואלט אויך שלעכט געווען. דערצו זיינען אונזערע פארדינסטען, אפילו מיט די הוספות וועלכע מיר האבען לעצטענס געקראגען, נאך אלץ ניט גענוג צו מאכען אן אנשטענדיגען לעבען, לויט ווי סטאטיסטיקס האבען באוויזען.

מיר האבען זיי אויך אנגעוויזען, אז אויב זיי וואלטען געקראגען א „רעדוקשאן" וואלטען עס געקראגען די מאנופעקטשורערס אין אלע מארקעטס. דאן — וואס פאר א בענעפיט וועלען זיי האבען?! מיר האבען פאר זיי קלאר געמאכט, אז אייגענטליך, לויט אונזערע שוואכע פארדינסטען וואלטען מיר איצט באדארפט פארלאנגען א „רעיז". נאר מיר טוען עס ניט ווייל מיר ווילען ניט אויפרודערען ביז נאך א יאר די סטאביליטעט אין טרייד. מיר זיינען אבער גרייט צו קעמפען מיט אלע כחות געגען יעדען פארזוך צו רעדוצירען אונזער לוין.

ווען די בעלי־בתים האבען געהערט אונזערע ארגומענטען זיינען זיי פשוט אריינגעפאלען אין א פאניק. זעהענדיג, אז מיר האבען צושמעטערט זייער קייס האבען זיי זיך אבער נאך אלץ ניט אונטערגעגעבען, נאר זיי האבען זיך פארגומען צו מאכען א נייע קייס, מיט נייע סטאטיסטיק...

נאר מיר זיינען ווענִיג באזארגט וועגען די מאנעווערס פון די בעלי־בתים. אונזער פירערשאפט איז פעאיג און שטארק גענוג צוריקצושטויסען יעדע מאנעווורע וואס די בעלי־בתים וועלען מאכען אין דער ריכטונג פון פארלאנגען א לוין־רעדוצירונג.

פארלויפיג געהט אן די יוניאן מיט איהר ארבייט. פאר געוויסע פאכען, ווי סעמפעל־מאכער און שניידער, וואס נעהען אין פוטער־קאלנערס, קריגען מיר איצט דעם 5 פראצענט „רעיז" צו וועלכען זיי זיינען בארעכטיגט. די פרייז־קאמיטעס ווערען אינסטרואירט פון די עקזעקוטיוו־באארדס צו געהן סעטלען פרייזען. אהן די דאזיגע אינסטרוקציעס קאנען זיי קיין פרייזען ניט סעטלען. מיר פאדערען אויף אונזערע פרייז־קאמיטעס זיי זאלען גארניט נעמען אין אכט דאס וואס די בעלי־בתים רעדען פון לוין־רעדוצירונגען.

### אין דרעס דעפארטמענט

אין דער דרעסמאכער יוניאן געהען מיר איצט דורך א רואיגע פעריאדע. צופעליג איז דער סעזאן ניט קיין שלעכטער. כמעט אלע בעלי־מלאכות זיינען באשעפטיגט. דאס האט, נאטירליך, אויפגעלעבט די יוניאן. די דיוס־קאלעקשאנס האבען זיך פארגרעסערט אויף 50 פראצענט. דורך דער דאזיגער צייט, זינט עס איז געווארען מעהר ארבייט, האבען מיר רעארגאניזירט איבער א דאזען שעפער און דערנעענטערט צו אונז פילע ארבייטער וועלכע זיינען דערווייטערט געווארען אין דער סלעק־פעריאדע.

דאס ווייזט אונז, אז די דרעס־מאכער יוניאן האט א פעסטען באזיס אין מאנטרעאל און אז אונזערע מיטגלידער וועלען ניט טאלערירען אט די אלע מאנעווערס וועלכע ווערען געמאכט צו צושמעטערען און פארניכטען אונזער ארבייט, די ארבייט צו ארגאניזירען די דרעסמאכער פון מאנטרעאל.

### מאנטרעאלער קלאוקמאכער שיקען אריין 2,225 דאלאר צום ארבייטער קאמיטעט

עס איז פאר מיר זעהר אנגענעם צו באריכטען, אז אונזער יוניאן אין מאנטרעאל האט געשאפען די סומע פון 1,225 דאלאר פאר דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט פאר דעם פאנד וואס דער ארבייטער קאמיטעט זאמעלט צו העלפען די פליכטלינגע. אונזער יוניאן האט מיט גרויס ענטוזיאזם גוטגעהייסען די ארבייט פון קאמיטעט וואס גיט זיך אפ מיט העלפען אלע פליכטלינגע אהן אונטערשייד פון ראסע און גלויבען.

די דאזיגע סומע איז געשאפען געווארען אין א צייט ווען אונזערע קלאוקמאכער ליידען פון דעפרעסיע. דער אריגינעלער פלאן איז געווען, אז זיי זאלען ארבייטען א טאג לטובת די פליכטלינגע, נעמליך שבת, דעם 7טען אפריל. האט זיך אבער געמאכט, אז גראדע יענע וואך איז גארניט געווען קיין ארבייט אין די שעפער. דאך האט מען אין איינִיגע שעפער געארבייט יענעם שבת אפילו ווען מען האט דארט אין די אנדערע טעג פון וואך ניט געארבייט. די מיטגלידער וועלכע האבען ניט געקאנט ארבייטען יענעם טאג, האבען זייערע ביישטייערונגען געגעבען שפעטער.

עס דארף אויך געגעבען ווערען קרעדיט צו די בעלי־בתים וועלכע האבען אויך בייגעטראגען זייער חלק צום פאנד דערמיט וואס זיי האבען געצאהלט אנדערהאלבען מאל אזוי פיל פאר דער ארבייט פון 7טען אפריל, און די יעניגע וועמעס שעפער האבען יענעם טאג ניט געארבייט האבען אויך געגעבען טשעקס אנטקעגען די ביישטייערונגען וואס זייערע בעלי־מלאכות האבען געגעבען. בלויז צוויי מאנופעקטשורערס האבען זיך אנטזאגט צו קאאפערירען מיט אונז אין אט דער נאבעלער הילפס־ארבייט. פון די ארבייטער, קאנען מיר מיט שטאלץ זאגען, האט קיין איינער זיך ניט אפגעזאגט.

דעם טשעק האבען מיר אפגעשיקט דינסטאג, דעם 20טען. א ספעציעלע אנערקענונג קומט צו מר. איסאכאר גרינבערג, אומפארטייאישער טשערמאן פון קלאוק און סוט אינדוסטרי, וועלכער איז געווען טרעזשורער

# באסטאן שליסט דעם בילדונג סעזאן

פון וואלף ווינער.

דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון אונזער יוניאן אין באסטאן, האט דעם 8טען יוני, געשלאסען דעם בילדונגס סעזאן מיט אן עפענטליכען צוזאמענקונפט אין די העדקוואדערס. צווישען די פראמינענטע מענשען וואס זיינען געקומען זיינען געוועזען מערי טהאמפסאן, פרעזידענטין פון דער ווימענס טרייד יוניאן ליג, דזשארדזש ע. ראוער, דער לאיער פון דער יוניאן מיט זיין פרוי און די הויפט רעדנערין פון דעם אווענט, שוועסטער פאניא מ. קאהען, סעקרעטאר פון עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל.

דער צוזאמענקונפט איז געווען זייער גוט באזוכט. עס זיינען אנוועזענד געווען פארטרעטער פון יעדען לאקאל. אלע עקזעקוטיוו מיטגלידער און דזשאינט באארד דעלעגאטען, שאפ טשערלייט און סטודענטען וואס האבען באזוכט די קלאסען און קורסען דורך דעם פארגאנגענעם סעמעסטער. עס זיינען צו דעם צוזאמענקונפט אויך געקומען א גרופע פון צען מיטגלידער פון אונזער יוניאן אין ספרינגפיעלד און א גרופע פון בראקטאן און פאל ריווער. דער עולם האט זייער גוט פארבראכט און אויפגענומען די רעדנער מיט גרויס בייפאל.

פארזיצער דעם אווענט איז געווען וויס-פרעזידענט ראוז פעסאטא. קורצע רעדעס זיינען געהאלטען געווארען פון אונזער לאיער, דזשארדזש ע. ראוער; לעא קארעסקי, מיטגליד פון לאקאל 12 און טשערמאן פון דעם עדיוקיישאנאל קאונסיל; וויס-פרעזידענט פיליפ קרעימער און אונזער גאסט, שוועסטער פאניא מ. קאהען, די עדיוקיישאנאל דירעקטאר, שוועסטער וויגני פינעא האט אפגעגעבען א גענויעם באריכט פון די טעטיגקייטען און דערגרייכונגען פון דעם עדיוקיישאנאל דעפארטמענט דורך די לעצטע אכט מאנאטען.

צום שלוס פון בילדונג סעזאן האט דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון דער דזשאינט באארד ארראנזשירט א לעקציע אין אידיש פאר די אידיש ריידענדיגע מיטגלידער פון דער קלאוק און סקוירטמאכער יוניאן פון באסטאן.

די עדיוקיישאנאל קאמיטע האט איינגעלאדען דעם געהילף רעדאקטאר פון דער „גערעכטיגקייט", ברודער ש. פארבער צו רעדען אויף דער טעמע: „ארבייטס-לאזיגקייט אין דער קלאוק אינדוסטרי, איהרע אורזאכען און לייזונג".

די לעקציע איז דורכגעפירט געווארען מאנטאג אווענט, דעם 12טען יוני, אין די העדקוואדערס פון דער דזשאינט באארד. א היבשער עולם קלאוק-און סקוירט-מאכער זיינען געקומען און מיט געשפאנטער אויפמערקזאמקייט זיך צוגעהערט צו דער אינטערעסאנטער לעקציע.

ברודער ש. פארבער האט אנאליזירט די אורזאכען וועלכע האבען דערפירט צו דער איצטיגער סיטואציע אין דער קלאוק אינדוסטריע פון לאנד. מיט סטאטיסטישע ציפערען אין דיאגראמען האט ברודער פארבער אנגעוויזען אויף דער כסדר'דיגער פארקלענערונג פון דער פראדוקציע פון קלאוקס, און אויף די טעכנאלאגישע און אנדערע ענדערונגען, וועלכע האבען באווירקט די פאראיינפאכונג פון די סטאילס און די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי פון ספארט קליידער, וועלכע איז געווארען א באדייטענדער פאקטאר און אריינגעבראכט נייע עלעמענטען אין טרייד און גרויסע ענדערונגען אין דער סיסטעם פון ארבייט.

ברודער פארבער האט צולעצט פון זיין לעקציע אנגעדייטעד אויף די מיינונגס פארשידענהייטען, וועלכע עקזיסטירען אין די רייהען פון אונזער יוניאן אין דער פראגע פון געפינען א לייזונג צו די אנגעווייטאגטע פראבלעמען און אז די אויפגאבע פון דער יוניאן דארף זיין ניט צו באקעמפען מיט געוואלד און ניט דערלאזען די ענדערונגען און נייע אנטוויקלונגען אין דער קלאוק אינדוסטרי, נאר צו קאנטראלירען די דאזיגע ענדערונגען אזוי אז אויב מען קען זיי ניט פארמיידען זאלען זיי דורכגעפירט ווערען מיט דעם קלענסטען שאדען פאר די ארבייטער.

ברודער פארבער האט אנגערירט זייער וויטאגדיגע פונקטען, וועלכע האבען געפונען א שארפען אפקלאנג אין די הערצער פון אלע אנוועזענדע קלאוק-און סקוירט-מאכער. דאס איז געווען קאנטיג פון די גרויסע צאל פראגען וועלכע זיינען דעם לעקטאר געשטעלט געווארען נאך דער לעקציע. ברודער פארבער האט די פראגען פארענטפערט אזוי אז פיל צווייפלען זיינען באזייטיגט געווארען און פיל פארפלאנטערטע פראבלעמען זיינען פארשטענדליכער געווארען.

די קלאוקמאכער האבען אויסגעדריקט זייער צופרידענקייט מיט דער לעקציע און פארלאנגט אז ברודער פארבער זאל קומען א צווייטען מאל פארצוזעצען די דיסקוסיע איבער די וויכטיגע פראבלעמען וועלכע זיינען פון ברענעדיגען טאג-טעגליכען אינטערעס פאר יעדען קלאוקמאכער.

# אין יוניאן העלטה צענטער

פון פאולין מ. ניומאן.

די צאל פאציענטען וואס זיינען באהאנדעלט געווארען אין יוניאן העלטה סענטער דורכ'ן מאנאט מאי האט געבראכען יעדען רעקארד אין דער געשיכטע פון דער אינסטיטוציע. מיר זיינען קיין מאל ניט געווען אימשטאנד צו באדינען אזוי פיל פאציענטען אן געדרענג ווי איצט. דאס איז נאטירליך א רעזולטאט פון דעם פארגרעסערטען פלאץ וואס מיר האבען.

טיילוויז איז דער פארגרעסערטער באזוך אין סענטער א רעזולטאט פון די צוויי פרייע אונטערזוכונגען א יאר וואס מאנכע לאקאלס באזארגען פאר זייערע מיטגלידער. טיילוויז איז עס אויך א רעזולטאט פון דער פרייער מעדיצינישער באהאנדלונג וואס די לאקאלס 91 און 32 גיבען זייערע מיטגלידער. כאטש די פרייע באהאנדלונג איז באגרעניצט, גיט עס דאך די מיטגלידער פון די לאקאלס א געלעגענהייט נאכצופאלגען זייער געזונט-צושטאנד פון צייט צו צייט.

די עדיוקיישאנעל ארבייט וואס מיר טוען שטייערט אויך ביי, לויט מיין מיינונג, צו דעם פארגרעסערטען באזוך אין סענטער. אונזער אויפקלערונג מאכט די מיטגלידער בעסער באגרייפען ווי נויטיג עס איז אפצוהיטען דעם געזונט. עס קען ניט געבען קיין מער צופרידענשטעלענדער געפיל, ווי דער באוואוסטזיין אז מען איז פיזיש געזונט און בכח צו טאן די טעגליכע ארבייט. מיר זיינען צופרידען וואס אונזערע מיטגלידער באנוצען זיך מיט דער באדינונג פון זייער אייגענער אינסטיטוציע וועמעס איינציגע אויפגאבע אין לעבען איז צו באדינען זיי און פארהיטען זייער געזונט.

נעמט פון זיך עקס-רעיס

מיר זיינען צופרידען צו זען דעם ענטוזיאזם, מיט וועלכען די מיטגלידער פון אונזערע לאקאלס קומען זיך לאזען נעמען די עקס-רעי בילדער. אזוי ווי די בילדער ווערען גענומען פון אונזערע מיטגלידער אונענטגעלטליך איז נישטא קיין אורזאך פאר ניט אויסנוצען די געלעגענהייט. די דרעס דזשאינט באארד האט געדונגען א ספעציעלען פלאץ אין דער געביידע וואו איר אפיס איז, אין וועסט 40טע סטריט, וואו די אונטערזוכונגען ווערען געמאכט. אלץ איז אזוי ארראנזשירט, אז מען דארף ניט פארלירען פיל צייט צו נעמען די בילדער. די אונטערזוכונג איז פאלשטענדיג קאנפידענציעל.

אין אונזער טעגליכער ערפארונג אין יוניאן העלטה סענטער טרעפען מיר אפט אז ווען מען ראט פאציענטען צו נעמען עקס-רעי בילדער פון ברוסט-קאסטען, צעגערען זיי צוליב די קאסטען מיט וועלכע עס איז פארבונדען. כאטש מיר רעכענען בלויז א נאמינאלען פרייז, איז אבער א פאר דאלער פאר אן ארבייטער וואס פארדינט ווייניג אדער איז ארבייטסלאז, אן עוצר מיט געלט. איצט אבער, דורך דער ארראנדזשמענט וואס איז געמאכט געווארען מיט דעם סיטי העלטה דעפארטמענט און די וו. פ. א., האבען זיי די געלעגענהייט צו לאזען זיך אונטערזוכען מיט דער עקס-רעי מאשין אן וועלכע קאסטען. קיין ארבייטער טאר די געלעגענהייט ניט דורכלאזען.

דער יוניאן העלטה סענטער אין האי-סקול מיוראל

צווישען די מיוראלס וואס וועלען באפוצען די ווענט פון דער נייער צענטראלער הויך-שול פאר נאדעל טריידס, געפינט זיך צווישען אנדערע בילדער פון דעם לעבען און טעטיגקייט פון אונזער אינטערנעשאנאל אויך בילדער פון אונזער יוניאן העלטה סענטער. און עס דארף אזוי זיין. עס איז ניטא קיין אנדער ארגאניזאציע וואס האט אזוי פיל געטאן פאר דעם געזונט פון די נאדעל טרייד ארבייטער ווי אונזער אינטערנעשאנאל און אירע געזונטהייטס אינסטיטוציעס. אנפאנגענדיג מיט דער דזשאינט באארד אוו סאניטארי קאנטראל, זיינען מיר געווען די ערשטע איינצושטעלען געזונטהייטס רעגולאציעס פאר די פאבריקען וואו פרויען קליידער ווערען געמאכט; מיר זיינען געווען די ערשטע איינצופירען פייער-דרילס פאר די ארבייטער אין די שעפער, און מיר זיינען געווען די ערשטע און זיינען נאך איצט די איינציגע יוניאן אנצוהאלטען א געזונדהייט אינסטיטוציע פאר דעם נוצען פון אונזערע מיטגלידער.

אויפ'ן מיוראל קען מען דערקענען די בילדער פון די ארבייטער-פירער, פראגרעסיווע בעלי בתים און ארבייטער פריינד, וועלכע האבען געהאט צו טאן מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און אין פארבעסערען די לעבענס סטאנדארדס פון די ארבייטער. איך בין ניט קיין קונסט קריטיקער, אבער באטראכטענדיג דעם בילד וועלכער שטעלט מיט זיך פאר די אנטוויקלונג פון אן אינדוסטריע מיט וועלכער איך בין אזוי נאענט צונויפגעוואקסען, דוכט מיר אז דער ארטיסט, מר. פיני, האט געמאכט א גוטען דזשאב.

---

## דאנקען דעם עדיוקיישאנעל דעפארטמענט

חשוב'ער רעדאקטאר:

אין נאמען פון דער גרופע פרעסערס וואס האבען אויפגענומען א סעריע לעקציעס „נייע שטרעמונגען אין דער אידישער ליטעראטור", אנגעפירט פון פריינד ש. ניגער, דורך דעם עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון אונזער לאקאל 60, דריקען מיר אויס אונזער הארציגע אנערקענונג דעם לעקטאר פאר דעם ערנסטען און אינטערעסאנטען אופן ווי ער האט זיי אויפגעפאסט. מיר זיינען איבערצייגט דאס די לעקציעס זיינען געווען א גרויסער געווינס פאר אלע אנטיילנעמער.

מיר האפען אז אין דער צוקונפט וועט דער עדיוקיישאנאל דעפארטמענט פון אונזער לאקאל ארראנזשירען לעקציעס אויף דעמזעלבען פארנעם, וואו א גרעסערע צאל פרעסערס וועלען זיך קענען באטייליגען.

מיר דאנקען אונזער עדיוקיישאנאל דירעקטאר, פריינד דעגנען, פאר ארראנזשירען די סעריע לעקציעס.

א. שקאלניק, מ. סערלין, ה. זינגער.

---

פון דעם פאנד, פאר זיין איבערגעבענער קאאפעראציע אין זאמלען די אויבען-דערמאנטע סומע.

אנערקענונג צו איבערגעבענע אקטיווע מיטגלידער

מיט אייניגע וואכען צוריק האבען די ארבייטער פון „גארדאן מאנופעקטשורינג קא.", איינע פון די גרעסטע קלאוק-שעפער, ארגאניזירט א באנקעט צו עהרען זייער שאפ-טשערמאן, א. אייבראמסאן ווי אויך די מיטגלידער פון פרייז-קאמיטע, ס. מיאף, ד. בעליצקי, מ. מאריס און פ. קאץ.

דער באנקעט איז געווען איינדרוקספול. די העכסטע פיהרער פון אונזער יוניאן, ווי אויך די בעלי-בתים פון שאפ, ס. און דזש. גארדאן, זיינען געווען אנוועזענד און דער טאוסטמייסטער איז געווען ברודער מ. פייגעלסאן, טשערמאן פון לאקאל 4. ברודער אייבראמסאן און די מיטגלידער פון דער פרייז-קאמיטע זיינען שטארק געלויבט געווארען פאר זייערע לייסטונגען לטובת דער יוניאן און ספעציעל פאר די ארבייטער פון זייער שאפ. די ברידער פייגעלסאן און סאקאראנסקי זיינען געלויבט געווארען פאר ארראנזשירען דעם באנקעט.

די ארבייטער פון מ. סטיינ'ס שאפ האבען אויך ארראנזשירט א פארטי צו אויסדריקען אנערקענונג צו זייער שאפ-טשערמאן ב. סליעפאקאוו. ברודער סליעפאקאוו איז פרעזענטירט געווארען מיט א שעהנעם „סמאוקינג סטענד" ווי אויך מיט א שלאף-צימער זייגער.

אונזערע מיטגלידער שאצען אפ די ארבייט פון די יעניגע וועלכע דינען טריי און איבערגעגעבען די אינטערעסען פון אונזער יוניאן.

# די דרעסמאכער קרעדיט יוניאן

פון מ. מעדווין.


י דרעסמאכער לעבען איצט איבער א זייער ביטערע צייט. די גאנצע תוככה פון דעם עקאנאמישען קריזיס האט זיך אויסגעגאסען אויף זייערע קעפ. די נויט צווישען די דרעסמאכער איז אזוי גרויס, אז לאקאל 22 איז געווען געצוואונגען צו באשטייערן אירע מיטגלידער מיט 10 פראצענט פון זייערע פארדינסטען פאר א משך פון צוויי וואכען צייט כדי ארויסצוהעלפען די נויט־באדערפטיגע מיטגלידער. לכן האלטען מיר פאר אונזער חוב צו באקענען די דרעסמאכער, ספעציעל די אידישע, מיט דער זייער וויכטיגער הילף־אינסטיטוציע, וואס עקזיסטירט אין לאקאל 22 פאר דעם צוועק פון געגענזייטיגער הילף.

דאס איז די „דרעסמאכער קרעדיט יוניאן" און איר שוועסטער־ארגאניזאציע — „דער אונטערשטיצונגס קא־מיטעט". די צוויי זיינען צוזאמענגעשמאלצען אין איין אינסטיטוציע. דער אונטערשייד צווישען זיי איז בלויז, וואס די „קרעדיט יוניאן" שטייט אונטער דער השגחה פון סטייט בענקינג דעפארטמענט, פונקט ווי יעדע אנ־דערע באנק, בעת די אנדערע שטייט אונטער דער השגחה פון אירע מיטגלידער.

דער צוועק פון אונזער אינסטיטוציע איז נישט קיין פאליטישער, נישט קיין קולטורעלער, נאר א ריין עקא־נאמישער — צו העלפען פינאנציעל דרעסמאכער, וואס נויטיגען זיך אין דעם. די צייט, דער עקאנאמישער קריזיס, די קראנקע קאפיטאליסטישע ארדנונג, האט די אינסטיטוציע צום לעבען ארויסגערופען.

כדי דער לייענער זאל האבען א קלאר בילד פאר זיינע אויגען, און עס זאלען נישט בלייבען מער קיין ספקות אין זיין מוח, וועלען מיר אין קורצען באשרייבען די צוויי אינסטיטוציעס באזונדער — די „איד קאמיטע־" און „די קרעדיט יוניאן".

דער „אונטערשטיצונג קאמיטעט" עקזיסטירט פאר דעם צוועק ארויסצוהעלפען אקטיווע יוניאן־מיטגלידער, וואס האבען אוועקגעגעבען זייערע בעסטע יארען פאר דער יוניאן, ווען זיי געפינען זיך אין נויט. ווען, למשל, אן אקטיווער יוניאן־מיטגליד ווערט קראנק, און ער איז שוין מער נישט בארעכטיגט צו קראנקען־בענעפיט, ניט פון דער יוניאן, און ניט פון זיין פראטערנאלער ארגאני־זאציע, דעמאלט קומען מיר אים צו הילף.

די הכנסה פאר דעם צוועק קריגען מיר ארײַן פון די פארשיידענע אונטערנעמונגען, וואס מיר מאכען. אזוי, למשל, האבען מיר אין חודש מערץ 1938 געהאט אן אונטערנעמונג אין „לייבאר סטיידזש", וואו מען האט גע־שפילט „סטיל" (שטאל). און אין חודש אויגוסט דעם זעל־ביגען יאר האבען מיר געהאט א „וועטשערינקע" אין קאני איילאנד, וואס איז געווען א גרויסער „סוקסעס".

די „קרעדיט יוניאן", ווידער, איז פאר דעם צוועק, וואס יעדער מיטגליד קען דארטען בארגען געלט און ער דארף ניט אנקומען צו די „לאון שארקס", וואס נוצען אויס די נויטען פון די דרעסמאכער פאר זייער „רעקע־טירינג"־ביזנעס. ער דארף אויך נישט אנקומען צו אנ־דערע אינסטיטוציעס, וואו ער דארף דורכגיין אלע שבע מדורי גיהנום ביז ער דערלעבט צו זען די פאר גראשען פאר זיינע אויגען. די קרעדיט־יוניאן איז א קאאפערא־טיווע אינסטיטוציע, וואו דער גאנצער פראפיט ווערט צוטיילט צווישען אירע מיטגלידער. מיר האבען ניט קיין באצאלטע באאמטע. אלע ארבייטען בחינם. אפילו רענט קאסט אונז אויך נישט, ווייל די שיפינג קלווירקס יוניאן דערלויבט אונז צו האבען דעם אפיס דארטען. ממילא בלייבט דער גאנצער פראפיט פאר די קאאפעראטארס.

מיר האבען שוין 200 מיטגלידער, און מיר האפען, אז ווען די אינסטיטוציע וועט ווערען מער פאפולער צווי־שען די דרעסמאכער וועט אונזער מיטגלידערשאפט שטייגען און שטייגען.

דעם טשארטער פון די סטייט בענקינג דעפארטמענט האבען מיר ארויסגעקראגען אין סעפטעמבער, 1937.

די אונטערגעשריבענע אויפ'ן טשארטער זיינען די פאלגענדיגע: ־נייטען מארגאליס, בלושטיין, מינקאף, דייווידסאן, בען גאער, סאער, שורקין און מעקס מעדווין.

די לעצטע וואלען האבען מיר געהאט אין חודש יאנואר, 1938, און עס זיינען דערוויילט געווארען די פאלגענדע:

דירעקטארען־באארד: מינקאף, ג. מארגאליס, בלו־שטיין, פ. קאהן, משה קליין, בעני גאער און מעקס מעדווין.

בארג־קאמיטעט: פאמעראנץ, סלוצקי, קורניץ, דיי־ווידסאן און אילאי איזענבערג — טשערמאן.

העכסטער ראט קאמיטעט: זימערמאן, געסנער, הייט, לייק און ש. מארגאלין.

פרעזידענט — מעקס מעדווין.

וויצע־פרעזידענט — בעני גאוער.

סעקרעטאר — פיליפ קאהן.

קאסירער — בלושטיין.

אין משך פון דער קורצער צייט, וואס די אינסטי־טוציע עקזיסטירט, האט אונזער אונטערשטיצונגס קאמי־טעט שוין געהאלפען פארשיידענע דרעסמאכער מיט דער סומע פון 983 דאלאר. אין איין פאל האבען מיר גע־שטיצט א מיטגליד מיט 350 דאלאר. אונזער קרעדיט־יוניאן האט פאר די לעצטע צוויי א האלב חדשים אויס־געבארגט צו אירע מיטגלידער די סומע פון 1,200 דא־לאר.

ניט נויטיג, גלויב איך, צו דערציילען די מיטגלי־דער, אז מיר האבען באגעגענט א היפשע ביסעל שווע־ריגקייטען ביז עס איז געלונגען אט די נויטיגע אינ־סטיטוציע צו ארגאניזירען. עס איז בלויז א דאנק די איבערגעבענהייט און עקשנות פון עטליכע געציילטע מענ־שען, וואס עס איז אונז געלונגען אלע שוועריגקייטען ביי צוקומען. די שוועריגקייטען צו קריגען א טשארטער פון סטייט בענקינג דעפארטמענט פאר דער קרעדיט־יוניאן זיינען געווען זייער גרויס. עס האט גענומען א קיילעכדיג יאר ביז מיר האבען דעם ציל דערגרייכט.

דער צוועק פון דער אינסטיטוציע, ווי געזאגט, איז צו שאפען פאר אונזערע מיטגלידער אן אינסטרומענט פון זעלבסט־הילף; באפרייען די דרעסמאכער פון דער נויטיגקייט אנצוקומען צו לאון־שארקס ווען זיי נויטיגען זיך אין לייהען א פאר דאלער. אונזער אמביציע איז צו פארוואנדלען אונזער קרעדיט יוניאן אין א פאלקס־באנק וואו די מאסען ארבייטער זאלען זיך קענען ארויסהעל־פען דורך בארגען א פאר דאלער ווען זיי זיינען אין א נויט.

מיר פאדערען אויף אונזערע דרעסמאכער אנצו־שליסען זיך אן אונזער קרעדיט־יוניאן און העלפען זיך און זייערע חברים־ארבייטער.

# פאר קאאפעראטיווער ארבייט

יעדער ארגאניזאציע, גרויס אדער קליין, און צוליב וועלכען צוועק זי איז געגרינדעט, שטרעבט אפט גאנץ אומבאוואוסט, צו פארנעמען א וואס גרעסערן פלאץ, אין דעם לעבען פון אירע מיטגלידער.

רעליגיע וואלט קיינמאל ניט געווען אזוי דער־פאלגרייך, ווען זי וואלט ניט געדעקט, אזוי צו זאגען, דאס לעבען פון אירע אנהענגער, פון זייער סאמע גע־בורט ביז א היפשע צייט נאכדעם ווי זיי זיינען שוין טויט.

עס איז דעריבער ניט קיין צופאל, וואס א סך אר־גאניזאציעס, וועלכע ווערען לכתחילה געגרינדעט פאר א געוויסן באשטימטן צוועק, פארנעמען זיך סוף כל סוף אויך מיט זאכען, וועלכע זיינען אריגינעל ניט געווען אין דער ספערע פון זייער טעטיגקייט. זיי מוזען דאס אבער טאן, זיי מוזען צובינדען צו זיך זייערע מיטגלידער מיט מער ווי איין פאדים, אום זיי זאלען זיין מיט דער אר־גאניזאציע ענגער צונויפגעבונדען און מער פערמאנענט.

אויב דאס איז אמת מכח אלע אנדערע געזעלשאפטען, פאליטישע אדער קולטורעלע, איז דאס לויט מיין מיי־נונג נאך ריכטיגער און פיל דרינגענדיגער אין אן עקא־נאמישער באוועגונג, פאר א טרייד־יוניאן וועלכע איז מחויב צו קעמפען פאר דער מאטעריעלער לאגע פון די וואס באלאנגען צו איר.

דער עקאנאמישער קאמף שפילט דאך נאך אלעמען די הויפט ראלע אין אונזער לעבען, און עקאנאמיע ענ־דיגט זיך בשום אופן ניט, מיט דעם וואס מיר געווינען א סטרייק און פארזיכערן זיך מיט געוויסע ארבייט און לוין קאנדיציאנען. אין בעסטן פאל דעקט דאך אזא געווינס בלויז א העלפט פון אונזער עקאנאמישען לעבען. אונזער לעבען אלס פראדוצענטען. זייער אפט איז אזא געווינס פון קליינעם ווערט, ווייל וואס טויג איינעם צו פארדינען גרויסע וויידזשעס, ווען ער מוז עס אין גאנצען אוועקגעבען אום צו קענען אויסקומען, און ניט זעלטען נאך בלייבען א בעל־חוב? די יוניאנס אין בעלגיע, פאלעסטינע און אין מאנכע סקאנדינאווישע לענדער, וואו זיי האבען נאר די געלעגענהייט זיינען זיי ניט נאר טעטיג אין פארגרעסערען דעם מיטגליד'ס איינגאמע, דורך הע־כערע שכירות, נאר געבען זיך אויך אפ מיט אויף אלער־ליי מעגליכע אופנים צו פארביליגערען זיינע קאסטען אויף לעבענסמיטלען דורך דעם וואס זיי ארגאניזירען דעם אר־בייטער'ס פארברויך אויף קאאפעראטיווע יסודות.

דער פארזוך וואס עס ווערט געמאכט פון פילע פון אונזערע יוניאנס איינצופירען אלערליי בענעפיטס און פארזיכערונגען, באשטעטיגען דעם אמת פון מיין באהויפ־טונג. און זאל מיר דא זיין דערלויבט צו זאגען, דאס ווען אונזער אינטערנעשאנעל וואלט אין די פריערדיגע יארען געהאט די צייט און די קרעפטען צו ארגאניזירען די מיטגלידער אויף ביידע פראנטען, אויפ'ן טרייד־יוניאן און אויך אויפ'ן קאאפעראטיווען געביט, וואלטען מיר ניט געדארפט דורכמאכען אזא טרויעריגע צייט, ווי די וואס מיר האבען געהאט ערב די איינפירונג פון דעם „נייעם דיל", ווען אונזערע ארגאניזאציעס, מיט ווייניגע אויסנאמען, זיינען געשטאנען אויפ'ן שוועל פון באנקראט.

די מעמבערס וואלטען זיך ניט צולאפען, זיי וואלטען פאר־קערט זיך נאך מער געטוליעט צו זייערע יוניאנס, וועל־כע וואלטען געווען באוואפענט מיט די נויטיגע מיטלען זיי צו העלפען מיט זייער אויסקומעניש אין גאר פילע הינזיכטען. האבען מיר דאך פריהער געהאט וואונדער־בארע גוטע צייטען פון פראספעריטי, ווען מיר וואלטען אן פיל שוועריגקייטען געקענט זיך אזוי איינארדענען און באפעסטיגען, מיט קאאפעראטיווע אינסטיטוציעס, וועלכע וואלטען געארבייט פאר דעם נוצען פון די מיט־גלידער. מיר וואלטען געדארפט האבען האספיטאליזיי־שאן, ארבייטסלאזען בענעפיט, א קראנקען און טויטען פאנד, און אפילו קאאפעראטיווע סטארס פאר קליידער מעבל און אלע אנדערע פון אלעמען געברויכטע נויט־ווענדיגקייטען.

מיט אזא מיטגלידערשאפט ווי אונזערע, וואלטען מיר פשוט געקענט אויפטאן וואונדער אויף דיזן געביט. עס וואלט אסור געווען אויסערן וועג, ווען יעדער לאקאל זאל באשטימען א שטענדיגע „קאאפעראטיווע קאמיטע", וועל־כע זאל אויסארבייטען געוויסע פלענער און פארשלאגען, און אויב מעגליך זאלען אט די אלע קאמיטעס פון די באזונדערע לאקאלן רופן א קאנפערענץ, אונטער דער אויפזיכט פון דזשענעראל אפיס, וואו אקציעס פון א ברייטען פארנעם זאלען אונטערגענומען ווערען. ווייל קיינער קען ניט וויסען וואס די נעקסטע פאר יאר קע־נען אונז ברענגען, מיר ווייסען ניט וואס פאר א עקא־נאמישע און פאליטישע ענדערונגען עס וועלען פארקומען אין דער גיכער צוקונפט, דארף מען דעריבער ניט פאר־לירען קיין צייט, אויף זיך פארצוברייטען פאר אירגענד וועלכע לאגע אין וועלכער מיר קענען אין גאנצען געגען אונזער ווילען ארייגעווארפען ווערען.

חיים אברהם דודיס.

## רעזאלוציעס.

די ארבייטער פון „איינסלי פראק", 1359 בראדוויי, האבען שבת, דעם 10טען יוני, ביי א מיטינג פון אלע אר־בייטער אין אפיס פון דער יוניאן און אין אנוועזענהייט פון זייער ביזנעס אגענט, ברודער ראזענפעלד, פרעזענ־טירט זייער שאפ־טשערמאן, דזשעק סילווערמאן, מיט א גאלדענעם זייגער אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פאר זיין גוטער ארבייט.

די קאמיטע: לואיס גרינבערג, לואיס שניידער, ראוז פעלער, סאניא פיינבערג און בען עפ־סטיין.

## טרויער רעזאלוציע.

מיר, די עקזעקוטיוו באארד און מעמבערס פון לא־קאל 64, דריקען אויס אונזער טיפסטען טרויער און מיט־געפיל צו ברודער ברוק, טשערמאן פון לאקאל, אויף זיין גרויסען פארלוסט פון זיין שוועסטער.

זאל דער טיפער מיטגעפיל פון אונזערע מיטגלידער זיין פאר אים א טרייסט אין זיינע שווערע טעג פון טיפען טרויער.

א. שיפמאן, לאקאל סעקרעטאר.

# ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל געווינט וויכטיגע ענטשיידונגען

דר. לאזאר טעפער, הויפט פון דעם ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל, מעלדעט, אז זיין דעפארטמענט האט געוואונען א וויכטיגען אפיל געגען אן ענטשיידונג וואס וועט ראטעווען טויזענדער דאלאר אין ארבייטסלאזען בענעפיט פאר די ארבייטער. די ענטשיידונג לויטעט, אז ארבייטער וועלכע זיינען ענטזאגט געווארען פון פלאץ איידער א סטרייק איז דארט ערקלערט געווארען פון דער יוניאן דארפען ניט ווארטען קיין צען וואכען ביז זיי ווערען בארעכטיגט צו בענעפיט ווי דער פאל איז מיט סטרייקער, נאר זיי זיינען בארעכטיגט צו בענעפיט נאך דריי וואכען ווארטען ווי געוויינליכע ארבייטסלאזע.

די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען אין דעם פאל פון די דרעסמאכער וואס האבען געארבייט פאר דער „סופיריאר ווימענס סטייל" פון 224 וועסט 35טע סטריט. די ארבייטער זיינען אוועקגעשיקט געווארען פון דער פירמע ארום צוויי וואכען איידער די יוניאן האט די פירמע דערקלערט אין סטרייק פאר ארויסשיקען ארבייט צו ניט יוניאן קאנטראקטארס. ווען די ענטזאגטע ארבייטער האבען זיך געווענדעט נאך זייערע ארבייטסלאזע אינשורענס בענעפיטס, האט מען זיי געלאזט וויסען פון דער ביורא, אז די פירמע האט געלאזט וויסען אז זיי האבען פארלארען זייערע דזשאבס דורך א סטרייק און זיי וועלען דעריבער מוזען ווארטען צען וואכען ביז זיי וועלען זיין בארעכטיגט צו בענעפיט. אויפ'ן פראטעסט פון די ארבייטער איז באשטימט געווארען א רעפערי אונטערצוזוכען זייער קלאגע, אבער אויך ער האט גערולט, אז אזוי ווי די יוניאן האט ערקלערט א סטרייק געגען דער פירמע פאר וועלכער זיי האבען געארבייט, וועלען זיי, לויט דעם געזעץ דארפען ווארטען די צען וואכען. די ארבייטער האבען דאן אפעלירט צו דער אפיל באארד און דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל האט זי פארטראטען ביים פארהער. די אפיל באארד האט צוריקגעוויזען די רולינג פון דעם רעפערי און פון דער ביורא און ענטשידען, אז ארבייטער וואס זיינען אוועקגעשיקט געווארען איידער דער סטרייק איז ערקלערט געווארען, זיינען ניט אונטערוואָרפען דעם פונקט פון געזעץ וואס באשטימט אז ארבייטער וואס פאלען ארויס פון דער ארבייט דורך א סטרייק אדער לאק־אוט דארפען ווארטען צען וואכען ביז זיי ווערען בארעכטיקט צו בענעפיט.

די ענטשיידונג, האט דר. טעפער אנגעוויזען, וועט דינען אלס פרעצעדענט און וועט ראטעווען פאר ארבייטער טויזענטער דאלאר אין ארבייטסלאזען בענעפיט, וועלכע זיי וואלטען פארלארען אונטער פריערדיגע רולינגס.

אין א צווייטען פאל האט דער ריסוירטש דעפארטמענט געהאלפען צו־נישט מאכען א פארזוך פון א ניט־יוניאן קלאוק קאנטראקטאר זיך ארויסצודרייען פון צאלען דעם ארבייטסלאזען אינשורענס טעקס, און די פירמע איז געצוואונגען געווארען צו צאלען דעם טעקס פאר 1937 און שטראף.

דאס איז פארגעקומען אין דעם פאל פון דער „רידזשוואוד גארמענט קאמפאני", פון 82 סטאר סטריט, ברוקלין. א קלאוקמאכער וואס האט געארבייט פאר דער פירמע און האט זיך געווענדט נאך ארבייטסלאזען אינשורענס בענעפיט, איז ענטזאגט געווארען אויף דעם גרונט וואס די פירמע איז ניט ארונטערגעפאלען אונטער'ן געזעץ איבער דעם וואס זי האט באשעפטיגט ווייניגער ווי פיר ארבייטער צו יענער צייט. דר. טעפער האט אויפגענומען די קעיס פאר דעם ארבייטער און באוויזען אז די פירמע האט אין יענעם יאר געמאכט ניט בלויז סעמפעלס, ווי זי באהויפטעט, נאר זי האט אויך געארבייט סטאק און באשעפטיגט מער ווי פיר ארבייטער. ער האט עס באוויזען דורך ארדערס וואס די פירמע האט געקראגען יענעם יאר. אלס רעזולטאט איז זי געצוואונגען געווען צו באצאלען דעם טעקס און שטראף און די פעדעראלע ביורא אונטערזוכט איר איצט וועגען די סאשעל סעקיוריטי טעקסעס וואס זי האט ניט געצאלט.

## ענדערונגען אין דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס־געזעץ

אין דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס געזעץ פון ניו יארק סטייט זיינען געמאכט געווארען א צאל ענדערונגען וואס זיינען וויכטיג פאר די ארבייטער צו וויסען. די ענדערונגען גייען אריין אין קראפט דעם ערשטען יולי און באריִרען נאר די וואס האבען זיך ניט געווענדט נאך ארבייטסלאזען בענעפיט צווישען דעם צענטען מארטש און דעם ערשטען יולי פון היינטיגען יאר. די ענדערונגען זיינען ווי פאלגט:

אונטער דעם נייעם געזעץ איז אן ארבייטער בארעכטיגט צו בענעפיט אפילו אויב ער האט אין דער וואך פארדינט דריי דאלאר, אבער ניט מער. (אונטער דעם פריערדיגען רול איז איינער ניט געווען בארעכטיגט צו בענעפיט אויב ער האט פארדינט מער ווי צוויי דאלאר אין דער וואך).

די צייט וואס אן ארבייטסלאזער מוז ווארטען נאכדעם ווי ער האט פארלארען די ארבייט ביז ער ווערט בארעכטיגט צו בענעפיט, איז איצט אויך דריי וואכען ווי פריער. אבער די דריי וואכען מוזען ניט זיין כסדר. נאר זיי קענען זיך אנזאמלען. דאס הייסט, אוב אן ארבייטער גייט אום ליידיג א וואך און האט נאכדעם איין וואך ארבייט, דארף ער נאכדעם ווארטען בלויז צוויי וואכען. די ערשטע וואך וואס ער איז געווען אן ארבייט ווערט אריינגערעכענט אין דער ווארט־פעריאדע.

אונטער דעם נייעם געזעץ איז אן ארבייטער בארעכטיגט צו ניט מער ווי דרייצען וואכען בענעפיט א יאר. די סומע וואס ער דארף האבען פארדינט אין דעם יאר און די סומע בענעפיט צו וועלכע ער איז בארעכטיגט זיינען עטוואס געענדערט.

ארבייטער וועלכע קריגען ניט די ריכטיגע סומע בענעפיטס צו וועלכע זיי גלויבען אז זיי זיינען בארעכטיגט, זאלען גלייך אפעלירען אום עס זאל קארעגירט ווערען. פארלאנגט א פארהער אין לאקאל סטייט עמפלאימענט אפיס און גיט אויך אריין א קלאגע אין אייער לאקאל יוניאן כדי צו קריגען די הילף פון דער אינטערנעשאנעל אין פעסטשטעלען אייער קלעים און קריגען וואס אייך קומט.

# „די באנדל בריגייד"

## "THE BUNDLE BRIGADE"

א רעוויו אויפגעפירט פון אנדערגארמענט און נעגליזשע ארבייטער יוניאן לאקאל 62 א. ל. ג. וו. י.

### פון ר. בן־ארי.

נאך דעם אומגעהויער גרויסען דערפאלג פון „פינס און נידלס" וואס מען שפילט שוין דעם צווייטען יאר, איז פארשטענדליך אז ניט נאר די אינטערנעשאנעל יוניאן אלס א גאנצע, נאר אפילו לאקאלען זאלען ארויסגיין מיט זעלבסטשטענדיגע אויפפירונגען. און די „באנדל בריגייד" איז א רעזולטאט פון אזא זעלבסטשטענדיגען פרואוו, און עס דארף געזאגט ווערען — זייער א געלונגענער פרואוו און א פיינער אויפטו. און עס איז פאר יעדערן קלאר, אז אויב די פירער פון אט דער גרויסער יוניאן וועלען פארזעצען צו גיין אויף דעם וועג וואס זיי האבען זיך פארנומען, וועט פון אט די עקספערימענטען געשאפען ווערען אן אייגנארטיגער טעאטער, און אפשר דער ערשטער אמת'ער פראלעטארישער טעאטער. די „פינס און נידלס", „שטאל" און איצט „באנדל בריגייד" זיינען פאקטען און אויפטואונגען מיט וועלכע מען דארף זיך רעכענען. די אינטערנעשאנעל אלס מעכטיגע ארגאניזאציע האט סוף כל סוף פארשטאנען אז מיט דעם וואס זי אנטוויקעלט א נייעם סארט אונטערהאלטונג פאר די צושויער, גיט זי אבער אויך א מעגליכקייט אירע מיטגלידער צו אויסלעבען זיך אין א סביבה, און אין א צויבערליכער וועלט, וואס נעמט אריין כמעט אלע צווייגען פון קונסט. וועגען דער באציאונג פון אט די ארבייטער, וואס קומען פון די שעפער אין די אווענטען צו די פראבען, און זייער ליבשאפט צו זייער נייעם אויפטו, דערציילט מען וואונדער. און אנדערש קען עס ניט זיין. די קולטור־כוחות און שעפערישער מאטעריאל וואס געפינט זיך אין אט די יונגע כוחות איז ניט אפצושאצען. עס דארפען נאר קומען די ענטוזיאסטען און פירער וואס זאלען זיי דערמוטיגען.

די אינטערנעשאנעל טוט עס פאר די לעצטע פאר יאר זייער טיכטיג, און דערפאר אט דער גרויסער פארדינטער ערפאלג.

אלס עקספערימענט איז „באנדל בריגייד", ווי איך האב געזאגט, זייער א געלונגענער. געוויס וואלט מען געקענט דיסקוטירען וועגען דעם מאטעריאל וואס איז אויסגעקליבען געווארען פאר דער פארשטעלונג, ווי אויך וועגען דער פארמע, ספעציעל ווען די פארמע פון א רעוויו איז דאך שוין אויסגענוצט געווארען אין „פינס און נידעלס", אבער מען דארף האפען אז די אינטערנעשאנעל וועט ארויסקומען פון אט די עקספערימענטען צו אן אייגענארטיגען סטיל אויך פון מער ערנסטער דראמע פון ארבייטער לעבען און אויך פון אלגעמיינעם לעבען, און אז דאס וועט זיי געלינגען סוף כל סוף, אין דעם קען מען זיין זיכער, ווייל אט די פארמע, וואס זיי באנוצען פאר „פינס און נידלס", און אויך דא אין „באנדל בריגייד", איז א סך שווערער דורכצופירען מיט אומערפארענע מענשען אין טעאטער, ווי אן ערנסטע דראמע, ווייל אט די פארמע פארלאנגט פון אנפאנגער א סך מער ווי די דראמע. דער אנפאנגער פון אזא טעאטער עקספערימענט מוז זיין גרייט אנטייל צו נעמען אין א נומער וואס באשטייט פון געזאנג, טאנץ, פאנטאמימע, שפלאכען, אויסלאכען. די טיפען דארפען זייער אפט ארויסקומען גראטעסק און צו דעם דארף מען זיין גרייט מער ווי צו א געוויינליכער פארשטעלונג. די „באנדל בריגייד" איז א רעוויו־פארם, אין וועלכער אלע נומערען ווערען דורכגעפירט מיט מוזיק און טאנץ. די אנפאנגער האבען געדארפט ארויסברייינגען דעם ריטם, טאקט און באוועגונגען אן וועלכע די פארשטעלונג, ווען עס וואלט ניט הארמאנירט, וואלט ניט געהאט קיין טעם, און געוויס ניט דעם דערפאלג וואס זיי האבען געהאט ביי דער פרעמיער אין לייבאר סטיידזש.

די פארשטעלונג „באנדל בריגייד" (די בריגאדע פון די באנדעלס) באשטייט פון 12 באזונדערע נומערען, וואס זיינען געשריבען געווארען מערסטענטיילס פון אייב טאוויס. פאול באראן האט געשריבען ספעציעלע מוזיק. דזשערי ראבינס האט איינגעשטודירט די באוועגונגען און טענץ און אופגעפירט איז די פארשטעלונג פון מארק שוויד. זיי אלע האבען מעגליך געמאכט אט די פיינע פארשטעלונג. אבער גאר א גרויסען יישר־כח דארף מען געבען סעמועל שאר, דעם מענעדזשער פון לאקאל 62, וואס האט אט דאס אלעס מעגליך געמאכט, וואס האט דאס אלץ ארגאניזירט און האט צוזאמענגענומען די פראפעסיאנעלע כוחות אויפצופירען אט די פארשטעלונג.

די אנטיילנעמער פון דער פארשטעלונג וואלט מען — אויב עס וואלט געווען מעגליך — געדארפט אויסרעכענען יעדערן באזונדער, ווייל יעדער פון אט די 30 יונגע מענשען האט מיט זיין ערליכער באציאונג און ענטוזיאזם אריינגעבראכט א פרישען טאן וואס מען קען עס קוים אפשאצען אין איצטיגער פארגליווערונג פון דעם אפיציעלען פראפעסיאנעלען טעאטער. עס איז שוין אן אריגינעלע פארשטעלונג מיט דעם אליין וואס עס מיידט אויס די סענזאציאנעלע פובליסטי, דעם סטאריזם, וואו עטלאכע מענשען פארנעמען דעם אויבען־אן, „מאזאליען אן די אויגען" און די איבעריגע דרייען זיך ארום ווי פארלארענע, און דא שפילט יעדערער, יעדערער צייכענט זיך אויס, ווער מער און ווער ווייניגער, און אזוי ווערט געבארען א פארשטעלונג וואס אטעמט מיט פרישקייט און ענטוזיאזם. מען דארף גראטולירען די אינטערנעישאנעל און ספעציעל לאקאל 62 פאר אט אזא קינסטלערישען אויפטו.

# 175 דעלעגאטען פון אוט־אוו־טאון ארבייטער אין יוניטי הויז.

די לאקאלס פון דעם איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט האבען געהאט אן אייגענע ערעפענונג פון דער יוניטי הויז די וויק־ענד פון 9טען יוני. איבער 175 דעלעגאטען און געסט זיינען זיך צוזאמענגעקומען. דארט זיינען געווען די וויס־פרעזידענטען הערי וואנדער, מענעדזשער פון אוט־אוו־טאון דעפארטמענט; וויס־פרעזידענט ג. רובין, הויפט פון דעם אוט־אוו־טאון קלאוק אפטיילונג און זייערע מיטארבייטער און אפיס־אנגעשטעלטע אזוי גוט ווי אלע פירער פון די לאקאלס אין דער טעריטאריע. דער עולם האט זייער גוט פארבראכט דעם וויק־ענד.

## דאנק די ארבייטער פון שאפ.

איך דריק אויס מיין הערצליכען דאנק מיינע ברידער מיטארבייטער פון „ספארטאוען שאפ", 500 — 7טע עווענוי, פאר זייער פינאנציעלער און מאראלער הילף, אין דער צייט פון מיין אפוועזענהייט פון שאפ, צוליב קראנקהייט. ברידער, איך האף, אין גיכען זיין מיט אייך צוזאמען. ארבייטען און קעמפען פאר אייך בעסערער צוקונפט.

מעקס פארטנאוו, לאקאל 117.

# וי אונזערע קלאוק פרעסערס האבען געפייערט דעם 1־טען מאי

פון מ. גאלדאווסקי *
אסיסטענט מענעדזשער

די מיטגלידער פון דער קלאוק, סוט און סקוירט פרעסערס יוניאן לאקאל 35 האבען דאס יאהר געפייערט דעם ערשטען מאי מיט א קאנצערט, טאנץ און רעפרעשמענטס אין מאנהעטען סענטער..

טויזענטער מיטגלידער מיט זייערע פרויען האבען אנגעפילט דעם גרויסען זאל. די שטימונג איז געווען אן אמת־יום טוב׳דיגע. פריילעכע געזיכטער, יום טוב׳דיגע קליידער, בלומען בוקעטען האבען געשאפען א פייערליכע שטימונג.

ברודער בערנארד ברעסלאו, עדיוקיישאנאל דירעקטאר האט ערעפענט די פארזאמלונג. ער האט אנגעוויזען דעם צווייפאכען כאראקטער פון דער פייערונג. עס איז ערשטענס א מאי פייערונג, און עס איז אויך דער אפיציעלער שלוס פון דעם בילדונגס־סעזאן פון לאקאל.

אלס ערשטען רעדנער און טשערמאן האט דער עדיוקיישאנאל דירעקטאר פארגעשטעלט ברודער י. ברעסלאו, דעם מענעדזשער פון לאקאל 35. יוסף ברעסלאו האט געהאלטען אן אינהאלטסרייכע רעדע וועגען דער באדייטונג פון דעם ארבייטער יום טוב, דעם ערשטען מאי און האט גראטולירט די מיטגלידער פאר אנהאלטען די טראדיציע פון לאקאל מיט פייערען דעם אינטערנאציאנאלען ארבייטער יום טוב.

דער קאנצערט איז געווען זייער א רייכער און געלונגענער און דער עולם פארזאמעלטע האבען אויפגענומען די ארטיסטען מיט באגייסטערונג. אין קאנצערט האבען זיך באטייליגט דער כאר פון לאקאל 35, באשטייענד פון פופציג מיטגלידער פון לאקאל, דיריגירט פון קאנסטאנטין; דער באוואוסטער קאנצערטינא שפילער סערגעי מאטוסעוויטש, און אנדערע

דער איינציגער רעדנער דעם אווענט, אויסער דעם טשערמאן איז געווען פרעזידענט דובינסקי, וועלכער איז אויפגענומען געווארען פון די פארזאמעלטע מיט א גרויסער אוואציע. פרעזידענט דובינסקי האט גערעדט וועגען דער נויטיגקייט פון אייניגקייט אין דער ארבייטער באוועגונג און וועגען דער שטעלונג פון אונזער אינטערנעשאנאל אין דעם איצטיגען ברודער־קאמף וואס גייט אן אין דער טרייד יוניאן באוועגונג אין אמעריקע. „אזוי לאנג ווי די טרייד יוניאן באוועגונג איז צעטיילט און צעריסען — האט דובינסקי ערקלערט — וועט אונזער אינטערנעשאנאל שטיין באזונדער אום ניט אריינגעצויגען צו ווערען אין דעם ברודער־קאמף”.

דובינסקי האט אויך גערעדט וועגען דער רעאקציע אין אייראפע וואו דער פאשיזם מאכט חרוב די וועלט און פאראומגליקט און פאריאגט טויזענטער אומשולדיגע קרבנות. ער האט גערעדט וועגען דער נויטיגקייט צו העלפען די קרבנות פון פאשיזם און נאציזם און האט ערקלערט אז אונזער אינטערנעשאנאל האט שוין ביז איצט געשאפען איבער הונדערט טויזענט דאלער פאר די נאצי־קרבנות און ערווארט צו שאפען נאך אמאל אזוי פיל, ווען די ניו יארקער דרעסמאכער וועלען ביישטייערען זייער ביטראג צום פאנד.

פרעזידענט דובינסקי האט געלויבט דעם לאקאל 35 און די אדמיניסטראציע פאר דער טיכטיגער ארבייט אויפן געביט פון בילדונג וואס דער לאקאל פירט אן און פאר דער שיינער פייערונג וואס זיי האבען אראנזשירט.

מרס. רות ברעסלאו האט געמאכט א ווארימען אפיעל צו שטיצען די אמעריקען לעיבאר קאמיטע און דעם „ארט” און עס איז געזאמעלט געווארען הונדערט און פופציג דאלער.

דער עולם האט זיך נאכדעם אמוזירט ביז שפעט אין דער נאכט.

*) איבער מאנגעל אין פלאץ איז ליידער לעצטען מאנאט אויסען־געבליבען ברודער גאלדאווסקי׳ס באריכט פון דער פייערונג. מיר גיבען עס דעריבער אין דעם נומער.—רעד.

## פון דער רעדאקציע.

א. אונגער — דער בריוו וואס איר האט אונז צוגעשיקט איז שוין געווען געדרוקט אין „פארווערטס”, עס איז דעריבער נוצלאז עס איבערצודרוקען.

# רעזאלוציעס פון שעפער

די ארבייטער פון „ג. ר. א. קאוט קאמפאני”, 50 וועסט 17טע סטריט, האבען ביי א שאפ מיטינג אין דער אנוועזענהייט פון זייער ביזנעס אגענט ל. ליפסקי, אויסגעדריקט אנערקענונג צו זייער שאפ טשערמאן, ברודער מעקס קריג און האבען אים פרעזענטירט מיט א שיינער מתנה פאר זיין גוטע ארבעט.

די קאמיטע:
אהרון קעסלער, יעקב ספעקטאר און אהרון ראבינאוויץ פון לאקאל 117 און בנימין יאקובאוויץ פון לאקאל 35.

---

די ארבעטער פון „געלפאנד און גילראד”, 295 וועסט 37טע סטריט, באדאנקען זייער שאפ טשערמאן מ. בויגער פאר זיין איבערגעבענהייט און זיין וואכזאמקייט פאר די אינטערעסען פון די ארבעטער און פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולער מתנה.

מיר דריקען אויך אויס אונזער דאנק און אנערקענונג צום דיסטריקט מענעדזשער בענדזשאמין קאפלאן פאר זיין גרייטקייט צו העלפען אונז און זיין טאקטישע האנדלונג לטובת די ארבעטער פון אונזער שאפ. מיר באדאנקען אויך אונזער ביזנעס אגענט ברודער קוצאטא פון לאקאל 48 פאר זיין גוטע ארבעט.

די קאמיטע:
נייטהען זאלענקא, איזי סטאר, דזשייק הייטמאן, סעם קאהן, איידא גראגאלא, און מאקס שילער.

---

מיר, די ארבעטער פון ליטעל קאונטעס שאפ, 520 8טע עוועניו, דאנקען דעם טשערמאן פון שאפ, ברודער מאנדעלבוים, פאר זיין איבערגעבענקייט צו סעטלען אלע סכסוכים פון שאפ, און פאר זיין אלע מאל אויף דער וואך פאר די אינטערעסען פון די ארבעטער און צו דער געלעגענהייט פרעזענטירען מיר אים מיט א ווערטפולער מתנה. זאל ער עס נוצען געזונטערהייט.

מיר דאנקען אויך גלייכצייטיג דעם ביזנעס אגענט, ברודער איזי לאנדא, פון לאקאל 117, פאר געבען זיין קאאפעראציע צו אונזער שאפ, ווען עס איז נאר נויטיג און מיר פרעזענטירען אים אויך מיט א ווערטפולען פאונטעין פען און פענסיל.

די קאמיטע:
ה. זעגערמאן, ה. גערסטיין, נ. מאלבארגער.
לואיס מאנדעלבוים, טשערמאן.

---

מיר, די ארבעטער פון וויל און אלטמאנס שאפ, 230 וועסט 38טע גאס, דריקען אויס אנערקענונג צו אונזער ביזנעס אגענט, ברודער בלאק, פאר זיין גוטער פראקטישער און לאגישער, געטרייער האנדלונג אין אונזער שאפ, אז מיר זאלען קענען מאכען א לעבען זינט אונזער באלעבאס, וועלכער איז נאר געווען א דזשאבער האט איינגעריכטעט אן אינסייד־שאפ. גלייכצייטיג דריקען מיר אויך אויס א דאנק און אנערקענונג צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער סלוצקי, וועלכער האט דורך זיין האנדלונג באאיינפלוסט אונזער באלעבאס, ער זאל איינריכטען אן אינסייד־שאפ.

מיר ווינשען זיי ערפאלג אין זייערע יוניאן טעטיגקייטען אום זיי זאלען אויך ווייטער פארזעצען זייער גוטע ארבעט פאר אונזער שאפ בפרט און פאר אלע קלאוקמאכער בכלל. מיר דריקען אויך אויס אנערקענונג צו אונזער שאפ טשערמאן, ברודער אדאלף יאנגאוויטש, פאר זיין גוטער האנדלונג צו גונסטען די ארבעטער פון שאפ.

מיט ברודערליכען גרוס,
די שאפ קאמיטע:
מ. שפיגעל, לאק. 117, מ. שומאכער, לאק. 9, און מ. ווייגער, לאקאל 35.
ל. קויפמאן, א. אונגער, פרעס קאמיטע.

---

מיר, די ארבעטער פון דזשייקאב גאטליב׳ס קלאוק שאפ, 120 דזשעפערסאן סטריט, ברוקלין, דריקען אויס א הארציגען דאנק צו אונזער ביזנעס אגענט, ברודער פרידמאן, פאר זיין גוטער ארבעט אין באצוג אונזער שאפ, און אין דער זעלבער צייט ווילען מיר אויך באקאנט מאכען ווי אזוי דער נייער סיסטעם פון צענטראליזאציע ארבעט אין דער פראקטיק.

אונזער שאפ איז א קאנטראקטינג שאפ פאר דעם דזשאבער שעלטאן, וועלכער האט ביי זיך אויך אן אינסייד שאפ. ביז איצט פלעגען מיר קריגען בלויז די שיריים פון דער ארבעט, און ווען מיר פלעגען זיך ווענדען מיט א קאמפליין אז מיר קריגען ניט קיין גלייכע טייל ארבעט מיט די אינסייד בעל־מלאכות, זיינען מיר געבליבען ביים קאמפליין. מ׳פלעגט אונז ארומשיקען פון איינעם צום צווייטען, אוןאונזער לאגע איז געווען זייער טרויעריג. אבער איצט ווייסען מיר צו וועמען זיך צו ווענדען, און אונזער ווענדונג ווערט גלייך אויפגענומען. מיר קריגען איצט אונזער טייל ארבעט צו וועלכער מיר זיינען בארעכטיגט אלס גלייכע יוניאן לייט, און מיר רופען אויס: געשטארקט זאלען ווערען די הענט פון די ברידער בארוכאוויטש, ברעסלאווער און די אנדערע פאר דורכפירען די צענטראליזאציע סיסטעם אין לעבען.

מיר האפען, אז דורך דעם וועלען מיר געווינען די אלע בענעפיטען וואס אן ערליכע און פראגרעסיווע יוניאן שטעלט מיט זיך פאר און אז אלע קלאוקמאכער וועלען געניסען דערפון פונקט ווי מיר האבען שוין גענאסען.

מיט ברידערליכען גרוס,
דייוו רודמאן, לאק. 9; א. גארדאן, לאק. 35; א. קאלמאן און א. סעקסמאן, לאק. 117.

---

# אינטערנעשאנעל גיט 25,000 דאלאר פאר׳ן גרעיטער ניו יארק פאנד

אין איינקלאנג מיט דער טראדיציע צו העלפען לויט די מעגליכקייטען די פארשידענע אנשטאלטען אין די שטעט וואו אונזערע מיטגלידער וואוינען, האט די אינטערנעשאנעל דעם מאנאט אריינגעשיקט 25,000 דאלאר צום גרעיטער ניו יארק פאנד” פאר׳ן יאר 1939.

דער פאנד איז ארגאניזירט געווארען לעצטען יאר צו פאראייניגען די אלע געלט־זאמלונגען פון די פארשידענע געזעלשאפטליכע און צדקה (וואוילטעטיגע) אנשטאלטען אין שטאט. די אינטערנעשאנעל האט לעצטעס יאר ביישטייערט צום פאנד 15,000 דאלאר. דאס יאר האט, אויסער די פופצען טויזענד דאלאר וואס דער גענעראל אפיס האט געגעבען צום פאנד פאר די ניו יארקער לאקאלס, האט די דרעס דזשאינט באארד באשטימט צו געבען צום גרעיטער ניו יארק פאנד א טייל פון די געלדער וואס ווערען געזאמעלט דורך דעם ספעציעלען ביידער וואס די ארבייטער גיבען פאר די רעפיודזשיס שטייער דורך ארבייטען א שבת. פרעזידענט דובינסקי האט אויף דעם חשבון אויסגעלייגט צען טויזענד דאלאר פאר די דרעסמאכער.

אין א בריוו, וואס פרעזידענט דובינסקי האט געשיקט צו טאמאס י. פארקינסאן, טשערמאן פון פאנד, צוזאמען מיט די צוויי טשעקס, שרייבט ער:

„טייערער מר. פארקינסאן:

„איינגעשלאסען שיק איך אייך צוויי טשעקס אויף דער סומע פון 25,000 דאלאר. איין טשעק פאר 15,000 דאאר איז באשטימט געווארען פון אונזער גענעראל עקזעקוטיוו באארד אלס ביטראג צום גרעיטער ניו יארק פאנד פון די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן אין ניו יארק. דער צווייטער טשעק פאר צען טויזענד דאלאר איז אן אדערויף אויפ׳ן חשבון פון די זאמלונגען וואס וועלען דורכגעפירט ווערען צווישען די ארבייטער אין דער דרעס אינדוסטרי הויפטזעכליך פאר די רעפיודזשיס, אבער א טייל פון וועלכע עס וועט גיין פאר׳ן גרעיטער ניו יארק פאנד.

„דאס יאר, ווי אין די פריערדיגע יארען, זיינען מיר גליקליך צו אנטייל נעמען אין דער ארגאניזירטער אנשטרענגונג פון די גרופען אין אונזער קהילה, וועלכע זיינען באוואוסטזיניג איבער זייערע פליכטען און פאראנטווארטליכקייטען צו באזארגען ווי געהעריג איז די וואוילטעטיגע אנשטאלטען און אינסטיטוציעס אין אונזער שטאט. די האנדלונג איז אין גייסט פון די טראדיציעס פון אונזער ארגאניזאציע צו העלפען טראגען די לאסט פון די געזעלשאפטליכע פליכטען וועלכע מיר גלויבען אז קיין טייל פון די בירגער פון אונזער גרויסער מעטראפאליע טאר פון זיך ניט ארונטערוואַרפען.

„זייער אויפריכטיג אייערער,

דוד דובינסקי”.

# טויזענט געסט ביי יום־טוב׳דיגער ערעפענונג פון סעזאָן אין יוניטי הויז

די ערשטע וויק־ענד אין יוני איז פאָרגעקומען די אָפיציעלע ערעפענונג פון סעזאָן אין דער פראַכטפולער זומער־היים פון דער אינטערנעשאָנעל — די יוניטי הויז.

כאָטש עס איז שוין דער איין־און־צוואנציגסטער סעזאָן זינט די אינטערנעשאָנעל האָט אָפּגעקויפט דעם מיליאָנערסקען מאַיאָנטעק געבען בושקיל אין די בלויע בערג פון פּענסילווייניא און עס פאַרוואַנדעלט אין אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר אירע מיטגלידער, פילט מען דאָך יעדעס מאָל ווען מען קומט אַהין אַ נייעם אינטערעס. יעדעס מאָל איז דאָ עטוואָס נייעס, עטוואָס וויכטיגעס, נייע פאַרבעסערונגען פאַר דער באַקוועמלכקייט פון די מיטגלידער און געסט.

דאָס יאָר אָבער איז, אַחוץ די נייע איינריכטונגען פאַר פיזישער באַקוועמליכקייט, וואָס עס זיינען צוגעקומען, אויך צוגעקומען גייסטיג עטוואָס נייעס. דאָס איז די מוזיקאַלישע און קינסטלערישע פּראָגראַמען און טאַלאַנטען וואָס זיינען אַראַנזשירט מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אויסערגעווינלכען געשמאַק אַ דאַנק דער נייער קאָמיטע וואָס אַראַנזשירט און באַזאָרגט די פּראָגראַמען, הערמאַן ליבמאַן און יאַנאַ פינקעלשטיין.

די צוויי קאָנצערטען וואָס זיינען געגעבען געוואָרען ביי דער ערעפענונג, שבת נאַכט און זונטאָג פרי, האָבען זיך אין רייכקייט און געשמאַק געקענט פאַרגלייכען מיט די שענסטע קאָנצערטען וואָס מען קען בייזיין אין אַ ניו יאָרקער זאַל. דער יונגער פידעל־ווירטואָז, ראַדזשיערא ריטשי, האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשפּילט די וואונדערשיינע קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס פון טאַרטיני, שאָפּען, הועניאווסקי, סאַראַסאַטאַ און לאַלאָ, אַז דער גאַנצער עולם, אַפילו די וואָס זיינען ניט שטאַרק באַהאַוונט אין קלאַסישע מוזיק, האָבען אים איינפאַך ניט געוואָלט אָפּלאָזען. פּונקט אַזוי אויסגעצייכענט איז געווען דער באַרימטער אַקטיאָר און זינגער וויקטאָר כענקין אין זיינע אידישע, איטאַליענישע און רוסישע לידער און פּערסאָני־פיקאַציעס וואָס ער האָט געגעבען.

באַזונדערס איז ווערט צו דערמאָנען דעם אופן ווי אַזוי ה. ליבמאַן האָט אַנאָנסירט די פּראָגראַם און פאָרגע־שטעלט די קינסטלער. בלויז איינער וואָס איז אַליין אַ קינסטלער און אַ מוזיקער האָט געקענט שאַפען די אַטמאָ־ספערע און פאַרבינדען די אַרטיסטען מיט די צוהערער ווי ליבמאַן האָט עס געטאָן. זיינע טרעפליכע באַמערקונ־גען האָבען געשאַפען די געהעריגע שטימונג. דער עולם איז געווען באַגייסטערט פאַר דעם מאַסטער און סערע־מאָניס ניט ווייניגער ווי פאַר די אַרטיסטען.

וועגען די שפּייז, די באַקוועמליכקייט, די העפליכ־קייט און פּינקטליכקייט, מיט וועלכע אַלץ ווערט באַ־זאָרגט, איז דאָך ניט נויטיג זיך אָפּצושטעלען. דאָס איז היי־יאָר פּונקט אַזוי גוט — אויב ניט בעסער — ווי אין די פריערדיגע יאָרען. מענעדזשער אַ. עלגער איז שוין גוט באַקאַנט צו די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל און צו די אַנדערע וואָס האָבען פאַרבראַכט זייער וואַקאַ־ציע אין יוניטי הויז אָדער זיינען געווען דאָרט אַ וויק־ענד.

דער הויך־פּונקט פון דעם יום טוב איז, ווי אַלע יאָר, געווען דער מיטען־נאַכט באַנקעט שבת אָוונט. עס איז געווען אַן אמת׳ער קאַרניוואַל, וואו דער עולם האָט זיך געלאָזט וואוילגיין מיט די גוטע מאכלים, פריילאַכע מוזיק, פאַפּירענע מיצקעס און קלאַפּערלאַך. אָבער אַפילו אין דעם איז געווען דער ספּעציעלער חן פון דער אינטער־נעשאָנעל. די אמת׳ע ברידערליכקייט, דער גייסט פון גלייכ־הייט וואָס עס הערשט אין דער אינטערנעשאָנעל יוניאָן האָט דאָרט געקראָגען דעם פולסטען אויסדרוק. פּרעזידענט דובינסקי און אַ גרויסע צאָל וויים־פּרעזידענטען, פירער פון לאָקאַלס און השאַינט באָאַרדס און פּשוטע מיטגלי־דער פון ניו יאָרק און אַרומיגע שטעט, אַלע האָבען זיך משמח געווען ווי מיטגלידער פון איין פאַמיליע. מאַנכע פון די וויים־פּרעזידענטען, ווי אַנטאָניני, העלער און רובין און איניגע מיטגלידער פון דער יוניאָן האָבען גע־זונגען לידער און אונטערהאַלטען די געסט. אַלע אונ־טערשיידען זיינען פאַרגעסען געוואָרען אין דער אַלגעמיי־נער פרייד און געמיטליכקייט וואָס עס האָט אַלעמען באַ־הערשט.

באַזונדערס רייכע פאַרבאַרייטונגען ווערען געמאַכט פאַר דעם וויק־ענד פון פערטען יולי. דער וויק־ענד, ווי באַוואוסט, איז אַלע יאָר אויסערגעווייגליך רייך. דאָס יאָר אָבער זיינען געמאַכט געוואָרען פאַרבאַרייטונגען אי־בערצושטייגען אַלץ וואָס איז אין יוניטי הויז געגעבען גע־וואָרען אין דער פאַרגאַנגענהייט. צווישען די אַרטיסטען וואָס וועלען אויפטרעטען וועלען זיין: וויקטאָר כענקין, דער באַרימטער זינגער־אַקטיאָר און אויסטייטשער פון פאָלקס־לידער; דער פידעל ווירטואָז אַרנאָלד עידור און די באַוואוסטע טענצערין פון מאָדערנע טענץ, פאולין קאָנ־נער. עס וועלען אויך געגעבען ווערען דראַמאַטישע פאָר־שטעלונגען פון די יוניטי שפּילער און עס וועלען אויפ־טרעטען באַרימטע קינסטלער פון וואָדעוויל און ראַדיאָ.

עס וועט זיכער ווערט זיין צו פאַרברענגען די וויק־ענד פון פערטען יולי אין יוניטי הויז. צו פאַרזיכערען זיך מיט פּלאַץ און פאַר אַלעמענס באַקוועמליכקייט, רעדזשי־סטרירט זיך אין פאָראויס אין אָפיס פון יוניטי הויז, 3 וועסט 16טע סטריט. טעלעפאָן וואַטקינס 9-6868.

# פראַגען וועגען דעם טויטען בענעפיט פאָנד

פון ה. סקולמאַן

ה. זלאָטין: דער פאַרשטאָרבענער האָט ניט געהאַט קיינע פריינד אָדער קרובים. דער לאָקאַל האָט דעריבער געמוזט נע־מען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון זיין קבורה, און באַצאָלט אַלע אויסגאַבען אין שייכות מיט זיין לויה; אונ־זערע רולס זאָגען גאַנץ אויסדריקליך, אַז אין אַזאַ פאַל ווערט דער לאָקאַל, דער געזעצליכער בענעפישערי, וועמען מיר האָבען דעריבער אויסגעצאָלט די פולע סומע.

וו. טראַמבאַן: צוליב זעלבסט־פאַרשטענדליכע אורזאַכען, קענען אַפּליקאַנטען ניט דערשייבען פאַר דער טויטען בענעפיט קאָמיטע: איר קענט אָבער זאָגען אַלץ וואָס איר ווילט אין אַ בריוו און מיר פאַרזיכערען אייך דאָס די קאָמיטע וועט דערצו שיינקען די נויטיגע אויפמערקזאַמקייט. שרייבט אין אירגענד וועלכע שפּראַך, וואָס איז אייך באַקוועם.

ל. דאָלקין: אַ סך אויסדריקע אין אייער בריוו זייגען זייער ווייט פון דאָס וואָס מען קען אָנרופען אָנשטענדיג. מיר פאַרגיבען אָבער אייך דערפאַר ווייל מיר פאַרשטייען אַז אין אייער גרויסען צער האָט איר ניט געקענט זיין איבערקלייבעריש אין ווערטער און אויף דעם הייסען מאָמענט גלויבט איר אַז די גאַנצע וועלט איז גרויזאַם און ניט גערעכט: מיר זיינען זיכער אַז איר אויף אונזער אָרט וואָלט אַנדערש ניט געהאַנדעלט. אַלץ וואָס מיר קענען אייך ווינשען איז דאָס איר זאָלט מער אַזעלכע אומגליקען ניט האָבען.

ב. גראַנער: אייער מורא איז אינגאַנצען אַן אומזיסטע. אויף זייט 4 פון די רולס און רעגוליישאַנס פון דעם טויטען בענעפיט פאָנד וועט איר געפינען אַ זאַץ, וועלכער זאָגט אויסדריקליך, „אַז די געלטער פון דיזען פאָנד קענען ניט פאַרנוצט ווערען פאַר אירגענד וועלכען אַנדערען צוועק, אוי־סער טויטען בענעפיט און די הוצאות וואָס עס איז נויטיג דעם פאָנד צו פאַרוואַלטען.

ט. קאַהען: אויב איר ווילט ניט אַז אייער ווייב זאָל אייך ירשענען, איז דאָס אינגאַנצען אייער עסק; אַלץ וואָס איר דאַרפט טאָן איז אויסמאַכען אַ דעזיגניישאָן קאַרד אין אייער לאָקאַל אין דער געגענוואַרט פון אַ יוניאָן בעאַמטען, און אויף דיזער קאַרד באַשטימען אַלס אייער בענעפישערי וועמען איר ווילט.

ש. פלעמאַוו: די סומע וואָס איז אריינגעקומען פאַר דעם לעצטען העלבען יאָר פון 1937 האָט באַטראָפען $87,330.86; פאַר דעם יאָר 1938 — $201,008.92.

מ. בריענער: מיר האָבען געמאַכט דעם סטייטמענט אַז אייער ברודער איז געווען אַ מיטגליד אין אונזער אינטער־נעשאָנעל בלויז צוויי יאָר, דערפאַר ווייל אויפ׳ן ביכל שטייט דייטליך „איניציאייטעד מאַרטש 8, 1937“. אייער טענה, אַז ער איז פאַר יאָרען לאַנג געווען אַ מיטגליד אין פילאַדעלפיא קען זיין אַ גאַנץ גערעכטע, פון די דאָקומענטען אָבער וואָס מען האָט אונז צוגעשטעלט ווייסען מיר וועגען דעם ניט. סאַי ווי סאַי איז צוויי יאָר גענוג אום צו זיין בארעכטיגט צו בענעפיט. די צרה איז אָבער וואָס ער איז געווען שולדיג ניינצען וואָכען דיוס, און דאָס איז געווען די איינציגע אור־זאַכע וואָרום אייער אַפּליקיישאָן איז צוריקגעוויזען געוואָרען.

לאָקאַל סעקרעטער: מיר וואָלטען אייך געדאַרפט ענט־פערען פריוואַט, נאָר אַזוי ווי איר זייט ניט דער איינציגער וועלכער פילט ניט אויס די נויטיגע דאָקומענטען, ווי דאָס ווערט פון אונז געפאָדערט, שרייבען מיר וועגען דעם דאָ, מיט דער האָפנונג אַז אַנדערע סעקרעטאַרען וועלען דאָס לעזען און פאַרשטיין אַז אַלץ וואָס איז שייך טויטען קליימס מוזען אַלע פאַפּירען ווערען פּינקטליך אויסגעפילט און יעדער פראַגע ריכטיג געענטפערט. טוט איר דאָס ניט, ווערט די קיים פאַר־צויגען פאַר אַ סך לייגגער ווי דאָס איז נויטיג, שוין ניט רעדענדיג וועגען דער צייט, אַרבייט און געלט וואָס עס קאָסט דאָס צוריקשיקען דעם קליים הין און צוריק.

# „פינס און נידעלס“ אין גרעסערן טעאַטער מיט קלענערע פרייזען

אונזער אינטערנעשאָנעל טעאַטער „לעיבאָר סטייטדזש“, איז שוין אַרויס פון די וויקעלעך און זיך פאַרקליבען אין האַרצען פון בראָדוויי. לעיבאָר סטיידזש האָט איבער־גענומען דעם ווינדזאָר טעאַטער, 48טע סטריט, איסט פון בראָדוויי, און דאָרט ווערט איצט געשפּילט די 1939־אויפלאַגע פון די באַרימטע „פינס און נידעלס“.

אונזערע מיטגלידער וואָס האָבען געזען פינס און נידעלס פאַר אַ יאָרען, מוזען עס גיין זען נאָך אַמאָל אין דער נייער אויפלאַגע. עס איז פאַקטיש אַ נייער ריוויו מיט אַ גרויסער צאָל נייע נומערען, נייע סצענקעס, וועלכע האָבען געמאַכט אַ פוראָר צווישען פּראָפעסיאָנעלע טעאַ־טער קריטיקער, פיינשמעקער, און דעם אינטעליגענטען טעאַטער גייער וואָס וויל זיך אַמוזירען. אויב עס געפינט זיך נאָך אימעצער פון אונזערע מיטגלידער וואָס האָט זיך געקענט איינהאַלטען דורך דער גאַנצער צייט וואָס די זעלטען שיינע מיוזיקעל ריוויו איז געשפּילט געוואָרען אין לעיבאָר סטעידזש און האָט עס נאָך ניט געזען, מוז ער אודאי גיין איצט זען. אַזוי, אַז פאַקטיש דאַרפען אַלע אונזערע צענדליגער טויזענדער מיטגלידער אין ניו יאָרק און אומגעגענד גיין זען די נייע אויפלאַגע פון אונזער אייגענער טעאַטער פאָרשטעלונג.

ווי לואיס שייפער, דירעקטאָר פון לעיבאָר סטיידזש, גיט איבער, האָט נאָך די פאַרוואַלטונג געשניטען די פּרייזען פאַר טיקעטס אין דעם נייעם טעאַטער. די טיקעטס פאַר מאַטינע פאָרשטעלונגען זיינען פון 40 סענט ביז אַ דאָלער. פאַר די אָוונט פאָרשטעלונגען זיינען די טי־קעטס פון 55 סענט ביז אַ דאָלער פינף און זעכציג. דאָס איז פאַקטיש כמעט אַ העלפט פון די פרייזען וואָס מען האָט געצאָלט פאַר טיקעטס צו „פינס און נידעלס“ אין לעיבאָר סטיידזש.

דאָס איז מעגליך געוואָרען דערפאַר וואָס דער נייער לעיבאָר סטעידזש ווינדזאָר טעאַטער האָט כמעט צוויי מאָל אַזויפיל פּלעצער ווי דער פריערדיגער טעאַטער. די פאַר־וואַלטונג האָט שוין לאַנג געפּילט דעם פאַרלאַנג צו מאַ־כען ביליגער די טיקעטס אום עס צו מאַכען צוגענג־ליכער פאַר׳ן ברייטען עולם פון אונזערע מיטגלידער, וועלכע קענען זיך פּילייכט ניט פאַרגינען צו צאָלען די הויכע פרייזען. אין דעם קליינינקען טעאַטער איז דאָס געווען אוממעגליך. איצט אָבער קען מען עס טאָן. די איצטיגע פרייזען זיינען פאַקטיש ניט פיל טייערער ווי מען צאָלט פאַר זען אַ מואווי.

לעיבאָר סטיידזש האַלט אויך אָן דעם פריהערדיגען פּלאַץ אויף דער 39טער סטריט. דאָרט ווערען איצט געמאַכט רעפּעטיציעס אויף דער נייער טעאַטער שפּיל וואָס ווערט צוגעגרייט פאַר נעקסטען יאָר.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 7. July, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 26, 1919.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXI. No. 8 — Jersey City, N. J., August, 1939 — Price 10 Cents

## דאס אנקומען פון בעסערע צייטען

סימנים פון פארשידענע זייטען ווייזען, אז עס קומען בעסערע צייטען. זיי קומען ניט בלויז פון וואל סטריט, וואו ס'איז די לעצטע צייט געווארען זעהר לעבעדיג און דער פרייז פון ווערט־פאפירען איז שטארק געשטיגען, נאר עס קומען אויך באריכטען פון פארשידענע אינדוסטריען און האנדעלס־אונטערנעמונגען, אז די עקאנאמישע לאגע ווערט בעסער.

א באקאנטער אמעריקאנער עקאנאמיסט האט שוין מיט איניגע וואכען צוריק אנגעוויזען אויף א גאנצער ריי סימנים,, אז בעסערע צייטען קומען אן. ער האט, ערשטענס, אנגעוויזען אויף דעם, אז די מאנופעקטשורערס האבען אנגעגרייט זעהר ווייניג סטאק און זיי מוזען דעריבער פארגרעסערען זייער פראדוקציע; צווייטענס, אז דער פארקויף פון אלגעמיינע געברויכס־ארטיקלען, „קאנסומערס גודס”, ווי מען רופט עס, האט זיך באדייטענד פארגרעסערט. די דעפארטמענט סטארס, די מעיל ארדער הייזער און די טשעין סטארס מאכען גוטע געשעפטען; דריטענס, אז אין דער בוי־אינדוסטריע איז געווארען פיל לעבעדיגער, באזונדערס אין דעם בויען פון פריוואט הייזער, וואס ווערען פינאנסירט פון פ. ה. א. (פעדעראל האוזינג אדמיניסטריישאן).

כאראקטעריסטיש איז אבער, וואס דער עקאנאמיסט ווייזט אן, אז דער פרייז פון ארבייט, לויט דער מאס, וואס די ארבייטער פראדוצירען איצט, איז זעהר ביליג. עס איז כמעט נאך קיין מאל אזוי ביליג ניט געווען. די פראדוקציע פון די ארבייטער, באמערקט ער ווייטער, איז כמעט קיינמאל נאך ניט געווען אזוי הויך.

דאס אייגענטליך מאכט א רעכט ביסעל קאליע די האפנונג, פאר א פארבעסערטער עקאנאמישער לאגע. עס איז גוט פאר די מאנופעקטשורערס, וואס זיי קענען קריגען איצט ארבייט ביליג און וואס מיט דער הילף פון די נייע מאשינען און נייע ארבייטס־מעטאדען קענען זיי ארויסקריגען פון די ארבייטער א גרעסערע פראדוקציע, אבער דאס טויג ניט פאר די ארבייטער.

א ריכטיגע פארבעסערונג אין דער עקאנאמישער לאגע פון לאנד קען פארקומען בלויז ווען די קויף־קראפט פון די ארבייטער וועט פארגרעסערט ווערען און דאס מיינט, אז וואס א גרעסערע צאל ארבייטער זאלען זיין באשעפטיגט און זייערע פארדינסטען זאלען זיין גענוג גרויס, אז זיי זאלען קענען קויפען אלץ וואס זיי האבען נויטיג. ווען אבער דער פרייז פון ארבייט איז ביליג און די מאס ארבייט, וואס די מאנופעקטשורערס קריגען ארויס פון זייערע ארבייטער, איז זעהר א גרויסע, מוז גיכער פאלען די קויף־קראפט פון די ארבייטער אידער געהויבען ווערען. צוליב דער גרויסער מאס ארבייט, וואס די מאנופעקטשורערס קריגען ארויס פון די ארבייטער, זיינען נויטיג ווייניגער ארבייטער און עס בלייבען דעריבער א גרויסע צאל ארבייטער, וואס האבען אינגאנצען קיין ארבייט ניט און האבען ממילא ניט מיט וואס צו קויפען, און די ארבייטער וואס האבען ארבייט פארדינען ווייניג און זייער קויף־קראפט איז קליין. עס איז דעריבער גאנץ קלאר, אז פראספעריטי וואו ארבייט איז ביליג און מיליאנען זיינען ארבייטסלאז, קען לאנג ניט אנהאלטען.

אבער ווי די זאך זאל ניט זיין איז א פארבעסערונג אויף א ווײלע אויך פיל ווערט. און אין דעם מאמענט האבען מיר באזונדערס אין זינען די קלאוקמאכער און די דרעסמאכער און די אנדערע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל, וועלכע האבען שוין אזוי גוט ווי פארגעסען ווי א גוטער סעזאן ארבייט זעהט אויס.

די פאראויסזאגונגען פון דער קליידער אינדוסטריע זיינען גאנץ אפטימיסטישע, באזונדערס פאר דער פרויען קליידער אינדוסטריע. עס ווערען אנגעגעבען פארשידענע פאקטען און סימנים, אז עס דארף זיין א גוטער ארבייטס־סעזאן. אונז זעהט אויס, אז די זיינען גאנץ איבערצייגענד. מעגליך, אז דאס איז דערפאר, ווייל אונז ווילט זיך אזוי. אבער דאס קען בלויז זיין טיילוויז. די באריכטען וואס עס קומען פון די דעפארטמענט סטארס, אז עס ווייזט זיך א גרעסערע נאכפראגע אויף פרויען קליידער; די באריכטען פון די מאנופעקטשורערס וועגען באיערס, וואס קומען ניט בלויז אנקוקען, נאר אויך מאכען באשטעלונגען; די באריכטען פון די טעקסטיל פאבריקען, אז זיי האבען מער ארבייט, זיינען סימנים, וואס הענגען ניט אפ פון א גוטען וואונש, נאר ווייזען, אז עס קומט ווירקליך א בעסערע צייט.

מיר גלויבען, אז פאר אונז איז איבעריג צו דערמאנען די ארבייטער, אז זיי זאלען אויסנוצען די פארבעסערטע צושטענדען פאר זייערע אינטערעסען און אז זיי זאלען שטעהן אויף דער וואך, אז יוניאן פרייזען און יוניאן ארבייטס־באדינגונגען זאלען אפגעהיט ווערען. מיר זיינען זיכער, אז אלץ וועט געטאן ווערען, אז די ארבייטער זאלען קריגען זייער בארעכטיגטען טייל.

---

נאר ווען מען רעדט וועגען דער פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע, קען ניט אויסגעלאזען ווערען די פאליטישע לאגע,, וואס איז מיט איר פארבונדען.

עס איז אינטערעסאנט צו באמערקען די ערקלערונגען, וואס עס ווערען געגעבען אין די אנטי־רוזוועלטיסטישע צייטונגען וועגען די אנקומענדע בעסערע צייטען. און כמעט אלע גרויס־קאפיטאליסטישע צייטונגען זיינען, מיט ווייניג אויסנאמען, אנטי־רוזוועלטיסטישע. די הויפט־טענה פון די דאזיגע צייטונגען איז די גאנצע צייט געווען, אז אונטער רוזוועלט'ען און זיין ניו דיל קען די עקאנאמישע לאגע אין לאנד ניט בעסער ווערען. אויב מען וויל, אז האנדעל און אינדוסטריע זאל אויפגעריכט ווערען, מוז מען פטור ווערען פון רוזוועלטען און זיין ניו דיל. אבער גראד אין מיטען פון אט דער טענה האט זיך באוויזען א בעסערונג אין דער עקאנאמישער לאגע, ווייניגסטענס א בעסערונג פאר די באלעבאטים פון די אינדוסטריעס און געשעפטס־אונטערנעמער. טא ווי שיקט זיך עס? באווייזט דען דאס ניט, אז די טענה פון די באלעבאטים, אז אונטער רוזוועלטען און זיין ניו דיל קען ניט קומען קיין עקאנאמישע בעסערונג איז א פאלשע? איז די ערקלערונג אזא: עס איז אזוי זיכער, אז דער סוף פון ניו דיל איז נאענט און אז די רעפובליקאנער פארטיי וועט געווינען די פרעזידענט וואלען פון 1940, אז די פראספעריטי האט מער ניט קיין אורזאך צו ווארטען מיט איר קומען.

די דאזיגע ערקלערונג מעג אויסקוקען גאנץ נאאיוו. דער שכל דאכט זיך דארף זיין, אז ווען עס קומען בעסערע צייטען אונטער דעם ניו דיל דארף דאס פאלק וועלען אז דער ניו דיל זאל ניט אפגעשאפט ווערען און אז די פארטיי, וואס האט אים איינגעפירט, זאל ווייטער בלייבען ביים רודער פון דער רעגירונג.

אויב די עקאנאמישע פארבעסערונג, וואס האט זיך איצט אנגעפאנגען ווייזען, זאל ווייטער אנהאלטען, וועט דאך די דעמאקראטישע פארטיי, וואס איז געשטאנען מיט רוזוועלט'ן און זיין ניו דיל, קענען קומען צום אמעריקאנער פאלק און זאגען: פרעזידענט רוזוועלט האט איבערגענומען די רעגירונג פון הואווער'ס הענט ווען די גאנצע עקאנאמישע סיסטעם פון אמעריקא האט געהאלטען ביים צוזאמענברעכען. הואווער, דער רעפובליקאנער פרעזידענט און זיין אדמיניסטראציע פון דער רעפובליקאנער פארטיי, האבען עס דערפירט דאס לאנד צום שוועל פון אן עקאנאמישער קאטאסטראפע. און עס איז געווען דער דעמאקראטישער פרעזידענט רוזוועלט מיט זיין אדמיניסטראציע פון דער דעמאקראטישער פארטיי וואס האבען דאס לאנד ארויסגעראטעוועט פון דער קאטאסטראפע, איז דאס ניט גענוג איבערצייגענד, אז די דעמאקראטישע פארטיי דארף ווייטער בלייבען ביי דעם רודער פון דער רעגירונג?

נאר עס איז קענטיג, אז די שונאים פון רוזוועלטן און פון זיין נייעם דיל פילען אליין, אז זייער ערקלערונג וועגען דער בעסערונג אין דער עקאנאמישער לאגע איז ניט קיין איבעריגס קלוגע, אבער וואס קענען זיי זיך העלפען, ווען די פארבעסערונג איז פאר זיי געקומען אין א שלעכטער צייט? זיי וואלטען געווען מער צופרידען, ווען די פארבעסערונג וואלט אפגעווארט מיט איר קומען ביז צו די פרעזידענטען וואלען, אבער זי האט זיי ניט געפאלגט. און אויב זי וועט אנהאלטען וועט שטארקער ווערען די מעגליכקייט, אז רוזוועלט זאל זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין, און דאס מיינט, אז דער נעקסטער פרעזידענט פון אמעריקע וועט ווידער זיין רוזוועלט.



## לעצטער באשלוס פון לאקאל 117 וועגען די סעקשאן שעפער

דער באשלוס פון לאקאל 117 געגען דעם קאמפיין איינצופירען שטיק־ארבייט אין די שעפער, וואו עס עקזיסטירט די סעקשאן סיסטעם, קוקט אויס צו זיין גאנץ פרינציפיעל, עס איז אבער א פראגע, אויב ער איז פראקטיש.

לאקאל 117 איז געגען סעקשאן ארבייט אין דעם קלאוק טרייד און ער דארף זיין געגען. עס זיינען ניט נויטיג אנצוגעבען די אלע ארגומענטען, וואס לאקאל 117 שטעלט ארויס געגען דער סעקשאן סיסטעם. זיי זיינען גוט באקאנט. מען האט די פראגע אזוי פיל דיסקוטירט אויף פארזאמלונגען און אין דער פרעסע פון דער יוניאן, אז אלע ווייסען פארוואס די סעקשאן סיסטעם טויג ניט פאר די קלאוק אפערייטארס און פארוואס זיי דארפען זיין געגען איר. אייגענטליך זיינען גאר ניטא אזעלכע, וואס זאלען פארטיידיגען די סעקשן סיסטעם. די שטרייט־פראגע באשטייט בלויז אין דעם ווי אזוי מען קען באקעמפען די פארשפרייטונג פון סעקשאן סיסטעם און וואס מען זאל טאן מיט די שעפער, וואו די סעקשאן סיסטעם איז שוין איינגעפירט.

אמאל האט מען געגלויבט, אז עס וועט זיך איינגעבען צו פארטרייבען די סעקשאן שעפער און זיי אויסווארצלען פון דעם קלאוק טרייד אין ניו יארק. און אויב דאס איז געווען שוין צו אפטימיסטיש, האט מען ווייניגסטענס געגלויבט, אז עס וועט זיך איינגעבען ניט צו דערלאזען א ווייטערע פארשפרייטונג פון דער סעקשאן סיסטעם און איר ניט לאזען געהן ווייטער פון דער קליינער צאל שעפער, וואו עס ווערט געמאכט דער גאנץ ביליגער סארט ארבייט. היינט ווייס מען, אז דאס האט זיך ניט איינגעגעבען. די סעקשאן סיסטעם האט זיך פארשפרייט ווייטער און איז געווארען א ערנסטע פראבלעם אין דעם קלאוק־טרייד פון ניו יארק. די פראגע איז א דאפעלטע. ערשטענס, וואס זאל מען טאן אפצוהאלטען די ווייטערדיגע פארשפרייטונג פון דער סעקשאן סיסטעם און, צווייטענס, וואס זאל מען טאן מיט די שעפער, וואו די סעקשאן סיסטעם איז שוין איינגעפירט. די צאל פון אזעלכע שעפער איז איצט א גאנץ באדייטענדע און עס ווערען אין זיי באשעפטיגט א גאנץ היפשע צאל קלאוקמאכער, וועלכע זיינען מיטגלידער פון דער יוניאן.

איין שטאנדפונקט איז, אז מען דארף זיך רעכענען מיט דעם פאקט, אז אין א טייל שעפער פון דעם קלאוק־טרייד עקזיסטירט די סעקשאן סיסטעם און אזוי ווי מען קען זי ניט פארטרייבען מוז מען ווייניגסטענס זעהן צו שיצען אין זיי ווי ווייט מען קען, די אינטערעסען פון די ארבייטער און פארקלענערען אין זיי די עקספלואטאציע ווי ווייט עס איז נאר מעגליך. און דאס וועט ניט נאר פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער וואס ארבייטען